# CONTROL TEST TARGET
## for Kodak Quality Monitoring





















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Goldfaden, Abraham.
Kenig Ahashveyresh, oder, Kenigin Ester : biblishe operete in 5 akten und 15 bilder.
Nuyork, [1908].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1874.3

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Kenig Ahashveyresh, oder, Kenigin Ester : biblishe operete in 5 akten und 15 bilder.
Nuyork : Hibru Pob. Ko., [1908]
Varying form of title: Kenigin Ester. Kenig Ahashverosh Ahasuerus.
48 p. ; 21 cm.

1. Xerxes I, King of Persia, 519-465 or 4 B.C.--Drama. 2. Esther, Queen of Persia--Drama. 3. Operas--Librettos. 4. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH01-B21211 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106063

Reduction ratio X 10.0



# אחשורוש

— פון —

א. גאלדפאדען.

# AHASUERUS

by A. GOLDFADEN.

HEBREW PUBLISHING COMP.
83-85 Canal St., New York.
1908.

פרייז [illegible] סענט.

קעניג

# אחשורוש

אדער

## קעניגין אסתר

ביבלישע אפערעטע אין 5 אקטען
אונד 15 בילדער

— פון —

## א. נאלדפארען.

— פערלאג פון דיא —

היברו פאבלישינג קאמפאני.
83-85-87 קאנאל סט., נויארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal St., New York.

## פערזאנען :

| | |
|---|---|
| אחשורש | פערזישער קעניג |
| אסתר | זיין פרוי |
| המן | איין מיניסטער |
| זרש | זיין פרוי |
| 1 פרשנדתא | המן'ס 10 זעהנע |
| 2 דלפון | |
| 8 אספתא | |
| 4 פורתא | |
| 5 אדליא | |
| 6 ארידתא | |
| 7 פרמשתא | |
| 8 אריסי | |
| 9 ארידי | |
| 10 ויזתא | |
| מרדכי | אסתר'ס אנקעל |
| התך | איין דיענער |
| יעריש | האפלייטע |
| מרס | |
| שאלתיאל | |
| בגתן ותרש | |
| אסטראנאָם (שטערענזעהער). | |

קאָהר, האָפלייטע, האָפדאמען, טענצער, לייפער א. ז. וו.



## 1טער אקט.

שטעלט פאָר א שעהנער סאלאָן ביים קעניג אללע מיניסטאָרען האָפלייטע שטעהען מיט בעכערס אין דער האנד און זינגען, דער קעניג זיצט און נעבען איהם ממוכן. (המן)

קאָהר מיט סאפיר און פורפור
בריליאנטען אָהן אשיעור
זילבער, גאָלד און עלפענביין. עלפענביין
דאָס האָט מען ניעמאלס געזעהן. ניעמאלס געזעהן
יונגע פרויען אלטער וויין
וואָס קען נאָך עטוואס בעסער זיין. בעסער זיין
יא אזא רייכטהום אזא שטאנד יא יא יא יא
ווירד נאָר געזעהן אין פרס לאנד יא יא יא יא
דערפאר זיינען מיר אזוי פריילעך, פריילעך
דערפאר ליבען מיר דעם מלך, מלך
און טרינקען אצונד
פאר דעם מלך'ס געזונד
נאָ לאָמיר זשע אללע פריילעך זיין : יא פריילעך זיין
און טרינקען בענאנד
זיעבען טאָג דורך אנאנד
און ליידינגט אויס דיא בעכערס וויין
דאמען קאָהר (הינטער דיא קוליסען) רעכטס
פרייע דיך אויך קעניגין פון פרס (מענער) חא חא
טרויעריג זיין פאסט פאר דיר נאָר נים, חא חא
אויך דוא שעהנע פון אללע שרות, חא חא
טרינק מיט אונז אללע אין איינעם מיט, (צווייא מאָהל) יא
אזא גליק שענקט גאָט נאָר ווענינע, ווענינע
צו טראָגען א קרוין פון קעניגע, קעניגע
פיעלע מענשען צו דיר אונטערטעהניגע : טעהניגע
אזא גליק שענקט גאָט מענשען ווענינע

(ב י ס ס)

מענער יא זייא זינגען א לויב זייער קעניגין

(בִּיסְסְ)
דאָס איז פאַר זייא שעהן און פיין
יא, אָט אזוי אָט אזוי לעבעדיג צו זיין
טרינקט אוים גלייך מיט אונז דיא גלעזלעך מיט וויין
בראוואָ בראוואָ בראוואָ בראוואָ
זייא פערשטעהען גוט דעם וויין
יא אָט אזוי (ביז מיט וויין)

נאָ לאָמיר זשע מיט זייא אין איינעם בעזינגען דעם יו"ט דעם שעהנעם
נאָ לאָמיר זשע מיט זייא אין איינעם בעזינגען וויוואַט, וויוואַט
טרינקט אוים דעם וויין
וויוואַט (זיעבען מאָהל)

יעריש: שעהן מלך שעהן, אייערע פרויען זינגען זעהר שעהן

אחשורש נאָ נא נא דאס האב איך דאך געזאָגט אז אונזערע פרויען זינגען שעהן נאר שעהנער פון זייער זינגען איז זייער שעהנהייט אליין

תרשיש איהר וועט מיר פערצייהען גראסער קעניג פון פרס און מדי אז איך וויל מיינען, זיינען אונזערע פרויען פון אראביען פיעל שעהנער פון אייערע זייער וואוקס זייער שעהנהייט איז נישט צו בעצאהלען.

אחשורש נאָ נא נא דאס האב איך דאך געזאגט נישט דא ווער עס זאָל לאבען יעצט מיינע שררים מיין רייכקייט מיינע אוצרות האב איך שוין געוויעזען יעצט וויל איך אייך ווייזען דאס שעהנהייט וואס דאס לאַנד סביל קען ארוים געבען. — ממוכן היים דיא סריסים זייא זאלען אריבער געהן צו דער מלכה ושתי זיא זאָל תיכף אריין קומען אזוי בעפעהלט דער מלך פון מדי און פרס;

ממוכן פון פרס און מדי (גיט אצייכען אז מען זאָל ארויס געהן)

אחשורש נאָ יא נא דאכ האב איך דאך געזאגט נאָ מיינע שררים ווישט אייך אוים אייערע אויגען אז דאס שעהנע פרויענגעשטאַלט זאל זיך קענען אין אייערע אויגען אָבשפּיגלען (קומען אריין)

ממוכן: וואס שווייגט איהר?

בנתן דיא מלכה ושתי וויל נישט געהן

אחשורש נאָ יאָ נא דאס האב איך געזאָגט וואס? זיא וויל נישט געהן, מיך נישט פאָלגען? אזוי זאָלט איהר באלד געהן און זיא אריין ברענגען נאקעט אזוי בעפעהלט דער קעניג פון מדי און פרס!



המן פון פרס און מדי,! (גיט א צייכען זאָלין ארויס געהן) מיר בעטין דעם גרויסען קעניג פון פרס און מדי ער זאָל שטיקען זיין צארען זיא וועט געווים קומען.

בנתן ותרש (קומען אריין)

אחשורש נו וואס שווייגט איהר?

בנתן ותרש מיר האבען...... מורא

אחשורש נאָ יא נא דאס האב איך דאך געזאָגט אז איינער זאָל רעדען.

ממוכן דער מלך הערט ניט, איינער זאָל רעדען!

בנתן דיא מלכה ושתי האט געזאָגט אז עס איז איהר גאָר ניט צו גלויבען אז דער גרויסער קעניג זאָל פאָדערען פון איהר אזא גרויסע זאך זיא צו פער־שעהמען פאַר אללע שררים און אויב ער פערלאַנגט דאָס ווירקליך אזוי זאָל ער נישט פערגעסען אז זיא איז אנרעסערע מיוחסת פון איהם און בייא איהר זיידען בלשאצר איז ער נישט מעהר געוועזן וויא א שטאַלמייסטער

אללע שטאַלמייסטער!

בנתן און אויב ער פערלאַנגט עס ווירקליך אזוי מוז ער זיין גוט שיכור אצונד

אללע שיכור!

בנתן און אז ער איז א שיכור זאָגט זיא דאס ווייסט זיא שוין פון לאַנג נאָר יעצט איז זיא געוואָר געוואָרען אז ער איז א גרויסער שוטה,

אללע שוטה!

אחשורש נאָ יא נא דאס האב איך דאָך געזאָגט אז איך בין נישט בייז, דער מלך פון מדי און פרס קען קיין מאָהל נישט בייז זיין.

## רעטורנעל 1.

ממוכן פון פרס און מדי — יא דער מלך קען קיין מאָל נישט בייז זיין.

אחשורש נאָ יא נא דאס האב איך דאָך געזאָגט אדרבא פסק'עט איהר הכמים זאָגט וואס קומט דעם מענשען וואס האט בעפוילען צו אייער מלך אזעלכע ווערטער אדרבא פסקי'עט איך וועל שוין גאר שווייגען.

(מוזיק מעלאָדראמא)

## רעטורנעל 2.

ממוכן הערט אוים איהר פירסטען און געזעץ געבער פון פרס אזוי וויא דער מלך איז דיא זאָהנע און מיר זענען דיא שטראַלען (וואס נאר דורך זיין ליכט שיינען מיר שררים) דארפען מיר זעהן אז אויף דער זאָננע זאָל קיין פלעק ניט פאַלען

דען ווען דעם מלך׳ס כבוד ווירד בעריהרט
ווירד אונזער כבוד אויך מיט דעם פערשמירט
און פון וועמען ? פון א ווייב א אשה:
איז דאס נישט בייא אונז אין לאנד דיא גרעססטע בושה ?
וואס זיינען בייא אונז ווייבער וואס האבען זייא פאר איין ווערטה ?
צעהן ווייבער ווען איך נישט פערבייטען פאר איין אראביש פערד
וואס זיינען זייא דען בייא אונז מעהר וויא דינסטען שקלאפען,
נאר צו טהון אונזער ווילען זיינען זייא בעשאפען
דאס צו צו לאזען איז א שאנדע פאר אונז שררות
זייא לאזען קריכען אויף דעם קאפ זיינען מיר אללע אויף צרות,
וויא עפעס וועט יעדע פרוי ענטפערען שפעטיש און פריילעך
איך הער דיר אקוראט וויא ושתי דעם מלך
יא ארויס זאל א געזעץ און אזוי זאל עס בלייבען
אין אללע מדינות פון פרס און מדי זאל מען עס פערשרייבען
אז יעדער מאן איז מלך בייא זיך אין שטוב
און וואס ער זאגט מוז דאס ווייב איהם טהאן צו ליעב (קליינע פויזע)

מיין ראטה איז אז דער מלך זאל ושתי אויף איין אנדערע פערבייטען מען זאל ארויס שיקען שלוחים איבערן גאנצען לאנד פון אללע זייטען.
און מען זאל אויף זוכען א מיידעל דווקא נישט פון קיין גרויס הויז נישט קיין מיוחסת זיא זאל זיך האלטען געגען איהם גרויס אזעלכע וועט פארדינען דעם מלך׳ס קרוין צו טראגען וואס האט איהר פירסטען געגען מיין ראטה צו זאגען. —

ת ר ש י ש אזוי בלייבט דאס געזעץ און אזוי זאל עס בעשטעהן

מ ר ס ניין דאס איז ווייניג דען אזוי וויא דיא קעניגין איז שוין פון יעצט אן קיין קעניגין און זיא ווערט בעטראכטעט אלס געוועהנליכער מענש און אז זיא האט געהאט דיא העזע צו באליידיגען דעם קעניג און איהם רופען שוטה קומט זיא צו טייטען

א ח ש ו ר ש נא יא נא דאס האב איך דאך געזאגט ניך זאל מען געהן און מיר אויף זוכען א מיידעל פאר א מלכה מעג זיין פון וואס פאר א שטאנד פון וואס פאר איין אומה אבי איין ארענטליכעס און דוא ממוכן פאר דיין גוטע ראטה וואס דוא האסט מיר געגעבען ווערסטו בייא מיר פון היינט אן משנה למלך און דיין נאמען וועט מעהר ניט זיין ממוכן נאר המן דאס הייסט א



מאן וואס האט געוויזען דיא ווייבער וואס הייסט א מאן נו מיינע הערען טוט אן איהם כבוד און שפילט א מארש צוא ליעב דעם נייעם משנה למלך און צו ליעב דער נייער מלכה וואס וועט זיין (פערוואנדלונג אללע אב)

צווייטעס בילד אין גארטען. (מרדכי זיצט לעבין דיא טרעפלער)

ה ת ך (רופט) מרדכי ! מרדכי !

מ ר ד כ י וואס איז ?

ה ת ך דוא האסט געהערט מרדכי וואס דא איז פארגעגאנגען

מ ר ד כ י געגען וואס פרעגסטו מיך

ה ת ך מיר איז איינגעפאללען איין גוטער פלאן ווערענד איך האב געהערט אז מען דארף זוכען איין מלכה פאר דעם מלך מוסטו וויסען אז המן איז גאר קיין נארר ניט דוא זעהסט וויא וויט דער כלב האט פארשטאנען דעם טיפוש צו פארנארען צו זיך מיט זיין חניפה. און דיא עצה וואס ער האט איהם געגעבען האט ער אויך דער בייא א מיין דער וואונק איז אויף זיין איינגע טאכטער נאר דער מענש טראכט און גאט לאכט אז גאט וויל נישט קען זיך דער גרעססטער חכם בעגארישען מיט זיין חכמה יא ווען גאטטעס ווילע וועט זיין. דיין אסתר איז חנ׳עוודיג איך מיין אז......

מ ר ד כ י. — שטעה! שטעה! איך פארשטעה וואס דוא מיינסט נאר דאס וועט ניט געהן

ה ת ך נאך ביסטו נישט איבערציינגט אז איך ראטה דיך שטענדיג צום גוטען דוא ווייסט דאך אז איך בין דער איינציגער איד צווישען דיא סריסים און מיר קענען זיך נישט פון יעצט אן איך בין דיר און אסתר׳ן געטרייא פון לאנג אן איך זאג דיר פרואוו איינשטעלען אפשר איז גאטטעס ווילען,

מ ר ד כ י התך וואס רעדסטו ווייסטו דען ניט אז איינע פון דיא זינד וואס מיר זיינען פערטריבען פון אונזער לאנד איז געוועזען דאס וואס דיא בני גלי האבען זיך ערלויבט צו הייראטען מיט דיא היידען׳ס טעכטער און זייא האבען פאר־פיהרט זייערע הערצער צו דינען פרעמדע אפגעטער זאלען מיר יעצט אין גלות אנשטאט דאס פאלק אויף צו האלטען עס צו פערבעסערען אויך געהן מיט דעם זינדיגען וועג אז מיר זאלען שוין קיין מאל קיין זכות קיין האפנונג האבען אמאל אויס געלייזט צו ווערען.

ה ת ך אפילו דיין ווילען וועט דיר ניט זיין דער בייא וועט דיר אויך גאר נישט העלפען דוא קענסט ניט דעם בעהערשער מיט זיין געזעטץ, דוא וועסט אסתר׳ן נישט אויס בעהאלטען און טארסט זיא נישט פערלייקענען. דעם

מלך׳ס שלוחים נעהען ארום פון שטוב צו שטוב זוכען און ווען עס וועט זיך בעוויזען אז איינער האט זיין טאָכטער אדער זיין שעהנע פרויא בעהאַל־טען וועט מען איהם צוזאמען מיט איהר אויפהעננען, נעה ניך אהיים דיא שלוחים וועלען צו דיר אויך טרעפען און אויב זייא וועלען זיך איינשפארען צו נעמען אסתר׳ן זאלסטו נישט זיין קיין עקשן אויב דוא ווילסט נאָך לעבען.

**מרדכי** איך דאנק דיר התך וואס דוא האָסט עס מיר געזאָגט איך לויף שוין און פארליר קיין צייט זעהר גוט וואס דוא האסט דערמאָנט (אב)

**התך** ווען ער זאָל וויסען וויא געטרייא איך בין איהם וואָלט ער עס מיט פריידע געטאָן, שטענדיג זיינען געווען בייא דיא מלכים פון פרס און מדי שעהנע קינדער פון ירושלים וואס פלעגען (זייא) בעדינען וואלט מרדכי אויך אזוי נישט געווען וואָלט ער אויך געוועזען אין הויף אנגעזעהען און ווען עס זאָל זיך געפינען אזוי איין מאנס־פערזאָן וואלט מען שוין לאנג געקענט פועל׳ן בייא דעם טיפּוש ער זאָל אויפבויען דאס בית המקדש, און אפשר אז גאָט וועט וועלן, וועט דאָס קענען געשעהען דורך א אידיש מעדכען אבי דער פאלל זאָל געראָטען זיא זאָל בייא איהם חן געפינען, הא ווער איז דאָרט ?

**מרדכי** התך עס איז געשעהן.

**התך** וואָס איז ?

**מרדכי** געהענדיג אויף דעם וועג האָב איך באגעגענט דעם קעניגס שלוחים פיה־רען אסתר׳ן איך האב קיין צייט ניט געהאט מיט איהר עפּעס צו ריידען נאָר דאס האב איך צייט געהאט איהר צו זאָגען אז זיא זאָל ניט זאָגען פון וואס פאר איין פאָלק זיא שטאַמט ארויס און ווער איהרע עלטערן זיינען התך ! פון דיר גוטער פריינד וועל איך בעטען איין טובה זאלסט זעהען אלע מעגליכקייטען אנצווענדען אז דוא זאלסט זיין איהר דינער.

**התך** דאס מעגסטו דיך אויף מיר פערלאזען איך בין מלא שמחה דאָס האָרץ האט מיר געזאָגט און זאל זיין אין אנוטער שעה איך לויף צו מיין ארבייט זאָרג ניט פערלאָז דיך אויף מיר עס וועט שוין אללעס גוט זיין (אב)

(מרדכי זעצט זיך) (אויפטריט בגתן ותרש)

**בגתן** אזא שיכור, אזא טיפּוש, צו נעמען א פרויא פון אקעניגליכע פאמיליע און זיא הייסען אויף העגנען ער איז זיא דען ווערטה געווען ?

**תרש** ושתי המלכה, איז מיר געווען נאהנט צו מיין הערצען. פיעל גוטעס האט זיא געטהאן מיט אונז ווען ניט זיא וואלט מען אונז שוין לאנג געווען אויף געהאָנגען וויל בייא איהם הענגען א מענשען איז נאָר א קלייניגקייט



ער פלאַנט דאָך יעדען מענשען. אך ושתי ! ושתי !

**בגתן** האסטו חאטש געזעהען וויא דער גאנצער הויף און אלע מיידלעך האָבען געוויינט וועהרענד מען האט זיא אויפגעהאנגען. אך ווען וועט ער שוין האָ־בען אזא סוף !

**תרש** אך בגתן, אויך איך וואלט בעשטאנען אז ער זאל שוין האבען אזא סוף ווען ווען עס זאל נאָר זיין אָן אונז געווענדט, אדרבה קלעהר עפּעס אויס א מיטעל.

**בגתן** וואס אן דיר איז געווענדט וועל איך דיר זאָגען נאָר לאמיר זעהען אויב קיינער הערט ניט אונזער געשפרעך (זייא קוקען זיך ארום דערזעהען מרדכי׳ן) הא ווער איז דער ? וואָס זיצט ער דארט ?

**תרש** פאַר דעם דאַרפען מיר קיין מורא נישט האבען, דאס איז איין אלטער טויבער ער פערשטעהט נאָר ניט אונזער לשון !

**בגתן** פון רעסט וועגען איז בעסער פארזיכטיג צו זיין בייא אזא זאך, קום אהער הער אויס איך וויים ניט אויב דוא האסט עס אזוי פיעל בעמערקט המן איז נאר קיין נארר ניט, דוא זעהסט וויא וייט ער האט פערשטאנען מיט זיין חניפה דעם מלך צו פערנאַררען צו זיך, אז ער געהט נאָר ניט ארויס פון זיין געדאנק. המן קוקט אבער וויטער ער מיינט דיא קרוין. היינט האָב איך עס ריכטיג ערפאהרען נאָר ער האט געוואָלט אין מיר דערקענען אויב איך בין אויך איינפערשטאנדען. הער אויס היינט בייא נאכט וועט דאָך זיין א באלל צוליעב דער נייער קעניגין, און אויף וועמען עס וועט פאלען דער גורל צו צוטראָגען דעם מלך ווין זאל דער בעכער ווין זיין מיט גיפט, דיא מלכה וועט באַלד איבערגעהן צו המן, און נאכהער וועלען מיר איהם זאָגען אז מיר האבען עס איהם צוליעב געטהאן. אבגעמאכט ?

**תרש** אָבגעמאכט (זייא גיבען זיך דיא הענד)

**בגתן** נא קום לאָמיר זיך געהן צוגרייטען צו דער ארבייט (אב)

---

**מרדכי** התך ! התך !

**התך** אי מרדכי עס וועט זיך אויסלאָזען אויף מיינע רייד. אסתר איז דאָ און לויט זיא האָט געפונען חן וועט זיין וואויל איהר און אונז און אויך אלע אידען.

**מרדכי** דאס קענסטו נאר אלס פרעמדער זיין צופריעדען אבער ניט איך ווען מען האָט בייא מיר אוועק גערויבט א קינד וואס זיא איז אויף מיינע הענט ערצויגען געוואָרען. זאָג מיר בעסער התך ווען און וויא איך קען מיך מיט איהר זעהען, דען איך מוז זיא זעהען און מוז מיט איהר ריידען !

**התך** וואס ווילסטו מיט איהר ריידען?

**מרדכי** דאס איז ניט דיין זאך נאר זאג מיר וויא איך קען מיט איהר א פאר ווערטער ריידען?

**התך** צום גליק האט דער מלך מיך בעשטעלט אז איך זאל זיין איהר דיענער עס איז יעטצט זעהר שווער צו ריידען מען פוצט זיא אויס צוליעב דעם באלל וואס דער קעניג האט נעלאזט מאכען צוליעב איהר, נאר דוא שטעל דיך דא־טען ניט וויים ווען זיא וועט דורכגעהען מיט דער פאראדע פיהרענדיג צום מלך אויף דער סעודה אויף דעם וועג וועל איך איהר זאגען אז דוא ווילסט מיט איהר עפעס רעדען זיא וועט בלמרשט אראפלאזען א פינגערעל אין דו ווערסט עס אויפהויבען און איהר צו טראגען אין דעם מאמענט וועסט דוא קענען מיט איהר עפעס ריידען נאר נישט קיין סך דאס וועל איך שוין זעהן אבמאכען.

**מרדכי** גא גוט.

**התך** גא קום גרייט דיך אן דיא צערעמאניע הייבט זיך שוין אן. (אב)

(מוזיק שפיעלט א מארש עס קומען אן סאלדאטען נאכהער מוזיק. נאך וויא ווידער סאלדאטען דיא האפלייטע ערשט שפעטער. המן מיט דעם קעניג און זיין לייב־גארדע דאן אם שפעטסטען, האפראמען. אסתר. טענצערס טענצערינען נעגערס).

**קאהר** ניט כבוד אב ניט כבוד אב ניט כבוד אב
ניט כבוד אב דער נייער קעניגען.

**אסתר** איך דאנק אייך מיינע ליעבע פריינד.
אללע מענשען דא פון גלייכען שטאנד.
פאר דעם כבוד וואס איהר גיט אב מיר
אייך יעצט צו דאנקען איז ניט קיין שיעור.

**קאהר** אונזער מלכה זאל גאט געבען איין לאנגעס לעבען. יא, יא, יא, איין לאנ־געס לעבען.

**אסתר** איך האף איך האף איהר ליעבע לייט.
אז איך וועל בייא אייך
פארדינען מיט דער צייט
אז איהר וועט מיך יא שעטצען הויך.
אונד ליעבען אויך.

**קאהר** דיך שעטצען אונד ליעב האבען
יא דיך שעטצען אונד ליעב האבען, יא, יא יא.



**אסתר** מיט נאטעס הילף; (זיא פאלט אויף דיא קניע אונד אחשורש דערלאנט איהר דעם סצעפטער).

**אחשורש** גא יא גא דאס האב איך דאך געזאגט אזא שעהנהייט וויא זיא איז האב איך נאך ניט געזעהן, גוא לאזען יעצט זאגען אלע שרים, אז אין פער־זיען געפינט זיך ניט קיין רעכטס גוא קום אהער מיין טהייערע וויא אזוי הייסטו?

**אסתר** (שטיל) אסתר.

**אחשורש** נוא יא נוא, דאס האב איך דאך געזאגט, נוא קוק נאר וויא זיא איז שעהמענדיג וויא דאס שעהמען פאסט איהר וויא זיא לאזט אראפ די בריל־יאנטענע אויגען. אזא חן וויא דוא האסט האט נאך בייא מיר קיינער נישט געהאט זאג מיר אסתר'ל פון וואס פאר א פאלק שטאמסטו ארויס, און ווער זיינען דיינע עלטערן, זאג זאג אסתר'ל דוא שווייגסט זאג איך וועל בעשענ־קען מיט מתנות דיא מענשען וואס האבען דאס גליק געהאט צו ערציהען אזא שעהן פעריל, אזא שעהן האדעסיל רוף זייא מיר אן אסתר'ל.

**אסתר** מיך האבען עלטערן ניט ערצויגען
עלענד בין איך וויא א שטיין.
וויא איך האב נור געעפענט מיינע אויגען
בין איך א יתומה שוין געוועזן.
דיא פרויא וואס האט מיר געשיינקט מיין לעבען
געשטארבען באלד אין דער מינוט.
א פרעמדע האט מיר דיא ברוסט געגעבען
ווער מיין מוטער איז ווייס איך ניט.

**אחשורש** (פראזא) אבער דאך פון וואס פאר א משפחה קומסט דוא ארויס, און ווער זיינען דיינע עלטערן געוועזן.

**אסתר** מיין משפחה זאל איך דיר געשטעהען.
מיינע עלטערן ווער זיינען געוועזן
דארויף ענטפער איך דיר אזוי
איך ווייס ניט ניין — איך ווייס ניט ניין (צווייא מאל)
דאס קען איך דיר ניט זאגען
דאס טאר איך דיר ניט זאגען.

**קאהר** איך ווייס ניט ניין, איך ווייס ניט ניין א. ז. וו.

אסתר ליעבער פאַטער פאַטער גוטער.
פרעמד זיינען מיר דיא ווערטער נאר
אַ צארטע האַנד פון א געטרייע מוטער
האט ניט געגלעט מיינע יונגע יאהר
איך האב קיין ברודער קיינע שוועסטער
עלענד בין איך וויא א שטיין
איך ווייס ניט מעהר אז מען רופט מיר אסתר
און איך האב בייא דיר געפונען חן.

אחשורש (פראזא) אָבער דאָך זאָג מיר פון וואס פאר אַ פאָלק קומסטו ארויס און פון וואס פאר א גלויבען דוא ביזט.

אסתר ווער מיין פאָלק איז געוועזן
מיין אמונה זאל איך דיר זאגען
דארויף ענטפער איך דיר אזוי
איך ווייס ניט ניין א. ז. וו.

קאהר זיא ווייס ניט ניין„“„

אחשורש נא ווילסטו מיר נישט זאגען איז אויך אלעס איינס, בייא מיר איז נישט דא קיין געגייטע זאכען, אפילו עססען און טרינקען איז בייא מיר אויך ניט געגייט ווער עס וויל און וואס פאר איין ווין ער וויל מעג זיך אנגיסען און טרינקען נאר פריילעך קינדער פריילעך זאלט איהר זיין.

תרשיש עס לעבע דער קעניג אחשורש און דיא נייע פערדאנישע קעניגען אסתר! וויוואט!

(קאהר זינגט דאס ערשטע ליעד ביז מיט ווין)

אחשורש צוליעב דער נייער מלכה וועל איך טרינקען דעם ערשטען כוס צר ליעב איהר געזונד!

אסתר שטעה: זאלסט טרינקען צו דיין געזונד אָבער נישט צו דיין טויט. אין דעם בעכער איז דא גיפט!

אללע גיפט!

אחשורש נאַ יאַ נאַ דאס האָב איך דאָך געזאָגט עס איז מיר נישט דאס ערשטע מאהל, מען איז מיך שוין מסנא מיט דער נייער מלכה.

מרס האלט דיא מערדער.

המן גרויסער קעניג דיא זאך פערדיענט אונטערזוכונג, און אום עס ריכטיג צו



ערפאהרען איז דאס בעססטע אז זייא אליין זאָלען דאָ אויף דעם אָרט אויס־טרינקען דעם בעכער ווין.

בגתן ותרש (פאלען אויף דיא קניע) מיר זיינען זיך מודה אז אין דעם בעכער איז דא גיפט.

מרס דעם טויט דיא מערדער! מען זאל זייא זאָ גלייך דיא קעפ ארונטער נעהמען;

אחשורש ניין דער פאַר וואס זייא האבען זיך מודה געוועזן קומט זיי א האלבע שטראפע, אזוי וואלט זייא געקומט צו טערטען און אזוי וועט מען זייא נאָר אביסעלע אויפהענגען.

מרס פיהרט זייא אוועק. (מען פיהרט זייא אוועק)

אחשורש נאַ און דוא מיין טייערע אסתר׳ל וואס קומט דיר דערפאַר וואס דוא האָסט געראטעט מיין לעבען

אסתר נישט איך האָב דיר געראטעט נאר דער מענש וועלכער האָט געהערט דעם שרעקליכען פלאַן פון דיא מערדער און ער האָט עס מיר איבערגעגעבען ער הייסט מרדכי.

מרס מען זאָל זאָ גלייך פערשרייבען דעם נאָמען פון דעם מענשען.

אחשורש נאָ יאָ נאָ דאס האב איך דאָך געזאָגט מען זאל פערשרייבען אין ספר הזכרונות דעם נאמען פון דעם מענשען, און איהר מיינע הערען טהוט אָן כבוד אייער נייע קעניגין.

קאָהר מאכט אייך פערטיג אלע (צווייא מאָל)
יעצט צו קרוינען מיט גרוים פרייד (צווייא מאל)
יעצט וועט שוין טאקי זיין מיט לאנגע יאהר (דרייא מאל)
דיא מלכה דיא שיינע דיא וואוילע די פיינע
לאז זיין מיט לאנגע יאהר (צווייא מאָל)

לייגט זשע זשע לייגט זשע זשע
אויף דער מלכה דיא קרוין דיא קרוין
לייגט זשע זשע לייגט זשע זשע
אויף דער מלכה דיא קרוין דיא צווייטע
פאלט זשע אלע אללע אללע
אויף דיא קניע בייגט אייך צו —
פאַלט זשע אללע אויף דיא קניע. (פיער מאָל)

(טאנץ, עס ווירד בעלייכט בענגאליש פייער)

ענדע ערשטער אקט.

# צווייטער אקט.

(ביים קעניג אחשורש וואכע, תרשיש, מרס, מרדכי זיצט)

(המן קומט אריין, אלע פאלען אויף דיא קניע.)

המן. ווער איז דאס ? ווער וואגט מיך נישט צו בעגריסען ?

מרס. מיר האבען איהם שוין עטליכע מאל דארויף אויפמערקזאם געמאכט, ער וויל אבער נים הערען.

המן. ווייסט איהר דען ניט פון דעם געזעץ ?

מרס. דאס געזעץ, זאגט ער, איז נאר פאר דיא דיענער, אבער ניט פאר איהם.

המן. ווער איז ער ? פון וואס פאר א פאלק שטאמט ער ארויס ?

מרס. ער איז א יוד.

המן. א יוד, הם !

מרס. דער קעניג קומט. (אלע פאלען אויף דיא קניע מרדכי אויך)

אחשורש. וואס איז דיין באגער. מיין טהייערער ראטהגעבער ? (מרדכי אב)

המן. דאס גוטסקייט וואס דוא האסט מיר בעוויזען איז צופיל פאר מיר. אויב איך זאל דיר קענען פאר אלעס אבדאנקען, האב איך מיר געוואלט ערלויבען, דיר מיינע קינדער פארצושטעלען.

אחשורש. רוף זיי אריין.

(המן'ס זיהן :)

דוא ביזט אונזער ליכט
מיר זיינען דיינע קנעכט,
דוא ביזט אונזער ליכט (צוויי מאל)
מיר ווינשען דיר אצינד
פיעל נחת און געזונד,
נישט וויסען פון קיין צער (צוויי מאל)
דיא גאלדענע עטרות
פון מדי און פרס,
און דיא גרויסע שררות
דיא זיינען אלע דיין,
דיין קעניגרייך זאל גלאנצען
וויא דיא זאננע אין גאנצען.
און מיר זאלען אלע טאנצען
שטענדיג ארום דיר.



המן. דאס זיינען מיינע קינדער, אלע קלוג און פעהיג. און דער איננסטער, ויזתא, מיין מוזיניק ער איז מיין ליבלינג.

אחשורש. דער קליינער געפעהלט מיר, איך זעה שוין ארויס אז ער איז נישט קיין נארר. נאראנים האב איך פיינט. קום נאר אהער דוא קליינער, אז דוא וועסט מיר פאלגען וועל איך דיר מאכען אזוי גרויס וויא דיין פאטער.

ויזתא. יא גרויסער קעניג פון פרס ומדי, איך האב מיך אנגעשטויסען, אצונד בין איך א קליינער ויזתא. און אז דוא וועסט מיר גרויס מאכען וועל איך זיין א גרויסער ויזתא, א גרויסער !

אחשורש. דער קליינער געפעלט מיר, אז דוא וועסט מיר אבער נישט זיין געטריי. זעהסט ?

ויזתא. איך האב מיך אנגעשטויסען. וועסטו מיר מענען אריינליינען א סך אזעלכע ריטער, וועל איך זיין א גאלדענער געשמיסענער ויזתא, א גאלדענער!

אחשורש. נא יא נא, דאס האב איך דאך געזאגט דער קליינער געפעהלט מיר. המן ! דאס קינד נעהם איך ביי דיר צו ער זאל מיך באדינען.

המן. גרויסער קעניג ! נאר אונזערע קינדער וואס עס פליסט אין זייערע אדערן דאס פערזיאנישע בלוט, נאר זיי קענען זיין געטרייא און ניצליך דיר אים לאנד, אבער נישט אנטלאפענע וועלכע וואהנען ביי דיר אין לאנד און ווילען נאר ניט וויסען פון דיין געזעטץ.

אחשורש. וואס מיינסטו מיט דעם המן, רייד דייטליכער.

המן. עס איז דא איין אומה וואס זיא איז צוזייט און צושפרייט אויף דער גאנצער וועלט, קיין איינען לאנד האבען זיי יעצט ניט, בייא אונז זיינען זייא אויך זעהר פיעל, זיי וואהנען ביי אונז און האבען אונז פיינד, זיי האבען זיך זייערע אייגענע געזעטצע, זייערע אייגענע מנהגים און האלטען זיך גאנץ פרעמד פון אונז, און דאס וואס מיר עסען רופען זייא אן טרפה און שפייען אויס.

ויזתא. טפו, טפוי מאכען זיי, וויא איך בין א ויזתא, טפו, טפו.

המן. איין טאג אין דער וואך האבען זיי, וואס זייא ווילען מיט קיינעם ניט ריידען. מיט קיינעם ניט האנדלען, און רופען איהם אן שבת. און אז מען וויל ביי זיי עפעס קויפען ווילען זיי אונז ניט פערקויפען, און אז מען רעדט צו זיי ווילען זיי ניט ענטפערן. א גאנצען טאג זיצען זייא גאר ליידיג און שלאפען.

ו י ז ת א. און זיי שלאָפען, און זייערע פערד שלאָפען, און זייערע דיענסטען שלאפען און זיי אליין שלאָפען און חראָפען.

א ח ש ו ר ש. נוא יא, דאס האב איך דאך געזאגט.

ה מ ן. אכט טאג אין יאהר, מאכען זיי זיך א יום טוב, און געבען איהם א נאָמען פסח. זיי זאגען אז אמאל זיינען זיי געווען קנעכט ביי פרעה אין מצרים. און ער האט זיך מיט זייא בעדונגען זיי זאלען איהם צווייא שטעדט אויפבויען. זיי האבען אבער דאס געלד ביי איהם צוגענומען און זיינען אין מיטען אנט לאָפען געווארען און האבען איהם נאך איבערגעלאזען צעהן מכות.

ו י ז ת א. עס איז אמת וויא איך בין א ויזתא, אין זיי ליגט אזא רציחה וואס קיין אומה האט עס ניט, מיט שאַפע שפיזעלעך צו שטעכען זיי אהן רחמנות דאס טייג און מאכען אן אזוי פיעל לעכער אין דאס טייג אז עס דערלעבט נעבאך ניט אויפצוגעהן, און אז זייא באקען עס אָפּ און עסען אזוי שרייט עס אונטער דיא ציין, קראך, קראך.

א ח ש ו ר ש. נאָ יא נוא, דאס האב איך דאך געזאגט.

ה מ ן. איין טאג אין יאהר האבען זיי וואס זיי צו ליינען זיך אויף דער ערד און וויינען און קלאגען און זיינען בייז אויף דיר וואס דוא ביזט אזוי שלעכט און ווילסט זיי ניט געבען קיין געלד זיי זאלען קענען צוריק אויפבויען דעם בית המקדש וואס נבוכדנצר האט פערברענט אין ירושלים. און אויך זיינען זיי בייז אויף דיר וואס דוא עסט און טרינקסט אין זייערע זילבערנע כלים פון בית המקדש.

א ח ש ו ר ש נאָ יאָ נאָ דאס האב איך געזאָגט, וויא קען איך זייא צוריק געבען אָהן א שום מיה, דאס וואס מיינע עלטערן האָבען בייא זייא צוגענומען אין די שטרייטען, אזוי גרינג זאָל עס זייא אָנקומען?

ו י ז ת א ניין, נישט און נישט, וואס טויג זייא בייגקען נאך ירושלים, לאזען זייא קוקען אויף מיר ויזתא, איך בייגק אויך ניט נאך ירושלים.

ה מ ן מיינע קינדער, האָבען עס שוין לאנג געזאָגט, אז מען זאל עס ניט דערלאָזען דען זייא האלטען זיך זעהר גרויס געגען אונז, אונזערע פרויען וועלען זייא זיך ניט נעהמען, און זייערע ווילען זייא אונז ניט געבען, פאר קיין ווייבער, אזא גרויסקייט גלייך וויא זייא זיינען דיא מיוחסים און מיר עפּעס.....

ו י ז ת א טאטאתיא, איך האב מיך אנגעשטויסען, בייא אונזער שכן איז געווען א שעהנע כלה, איך האב זיא ליעב געהאט, איך האב זיא געוואלט נעמען פאר א ווייב, ניין האט דאס מיידעל געזאגט עמלק'ס אייניקעל איך זאל



אפילו וויסען אז איך שטארב נעהם איך ניט קיין מאַן. איהר דארף דאך זיין א כבוד אז זיא נעהמט מיך. א מיידעל זאל זיך ווארפען מיט אזא ויזתא וויא איך בין?

א ח ש ו ר ש נאָ יאָ נאָ דאס האב איך דאך געזאָגט.

ו י ז ת א אדוני קעניג! מיר האבען עסביידע בשותפות געזאגט.

ה מ ן דאדורך איז מיין ראטה דוא גרויסער קעניג, דיא אומה אויסצוראמען פון דעם לאנד, עס קען מעהר ניט זיין אז דיא מלוכה וועט אָנווערען א ביסעל מס וואס זייא צאהלען און איך וועג אָפּ אין דיינע אוצרות צעהן טויזענד צענטנער געלד אבי דער קעניג זאל בעפרייט ווערען פון אזא אונטרייער אומה.

א ח ש ו ר ש נאָ יאָ נאָ. דאס האב איך דאך געזאגט, אָ סימן האסטו, אז איך פארג דיין ראטה. נא אט האסטו מיין רינג, שרייב און חתמ'ע, און טהו מיט דער אומה וואס דוא אליין ווילסט, און דיא צעהן טויזענד צענטער געלד שענק איך דיר אויך אוועק, נאר קיין טאנץ געהט ניט פאר קיין עסען איך וויל המן, אז דוא זאָלסט מיט מיר מיט שפייזען און דער קליינער ויזתא וועט אונז וויין אנגיסען. דער קליינער געפעלט מיר.

ו י ז ת א (פאלט אויף דיא קניע) איהר געפעלט מיר אויך איין הארץ פיהלט דאס אנדערע. (המן'ס זיהן זינגען דוא ביזט אונזער ליכט ביז שטענדיג ארום דיר)

## פערוואנדלונג.

(איין גאסע אין דער רעכטער זייט ביהנע א שוהל מרדכי לויפט, נאך איהם התך)

ה ת ך פאלג מיך מרדכי!

מ ר ד כ י נעה זאג אסתר'ן, אז איך וויל בייא איהר גאר נישט נעהמען נישט קיין עססען נישט קיין טרינקען, גאר נישט זיא מיינט אז זיא זיצט זיך דאָרט אין קעניגס פאלאטץ איז זיא שוין (געזארגט) געראטעט פון דעם טויט. ניין אזוי וועל איך געהן און וויינען און שרייען און קלאגען מיט מיינע אונגליקליכע ביידער צוזאמען, התך האסטו איהר אלעס איבערגעגעבען?

ה ת ך בערוהיג דיך מרדכי איך האב איהר אלעס ערצעהלט וויא דוא האסט מיר אנגעזאָגט, און איהר אלעס איבער געגעבען, און זיא וואלט געוויס געגאנגען צום מלך נאר דאס געזעטץ פון פרס ומדי איז, אז ווער עס געהט צום מלך אונגעבעטען מוז געטייטעט ווערען, און זיא איז שוין דרייסיג טעג ניט גערופען געוואָרען.

מרדכי, אזוי זיא האט נאר מורא פאר איהר נפש. וועהרענד איהר גאנץ פאלק איז אין אזא געפאהר, (סכנה) נעה זאג איהר התך, אז ניט צוליעב דעם האט זיא גאט אויסגעקליבען פאר א מלכה, אז זיא זאל דארטען אין קעניגס פאלאטץ געפינען א שטיצע פון טויט, ניין, נאר צוליעב דעם, זיא זאל קענען ביים אונגליק זיין דער נאהענסטער שליח צו רעטען איהרע אונגליקליכע ברידער און וויא באלד זיא רעכענט ניט אויף דעם, זאלסטו איהר זאגען אין מיין נאמען, אז ווען דער וואלקען פון דיא עמלקים וועט אויסברעכען אויף אונזערע קעפ וועט זיא אלס אידישע פרוי זיין דאס ערשטע אפפער, און ביז עס וועט דארפען קומען צום כלל ישראל וועט שוין גאט שיקען איין ישועה דורך איין אנדערן, דען גאט וועט קיין מאל ניט לאזען זיין פאלק ישראל אין גאנצען אונטערגעהן, שטראפען וועט ער איהם, אבער פערניכטען ביז אין גרונד קיין מאל ניט. פאר דעם כלל ישראל נעמט זיך גאט שטענדיג אן נאר פאר איין פערזאן, בפרט ניט פאר קיין בעל אמונה, פאר דער פערזאן קען איך נישט ערוב זיין.

התך איך נעה איהר אלעס זאגען.

מרדכי שטעה התך, נעה זאג איהר אז איהר פעטער גלויבט זיך נאר נישט, אז דער גלאנץ דאס רייכטהום וואס איז ארומגערינגעלט אין דעם קעניגליכען פאלאטץ, זאל אזוי גיך קענען פערבלענדען איהרע ריינע אויגען וואס זייא פלעגען שטענדיג וויינען און קלאגען אויף דעם וואס מיר זיינען פערטריבען אין גלות. נעה זאג איהר, אז געהן מוז זיא, צו אזוי צו אזוי. וועט גאט שיקען דורך איהר דיא ישועה, וועט זיין וואויל צו איהר, וועט זיא פאלען פאר א קרבן פאר איהר פאלק וועט זיין אז וואויל צו איהר נשמה דען זיא וועט לעבען איין עווינס לעבען בייא גאט אין הימעל און אין די הערצער פון איהרע ארעמע ברידער דיא יודען אויף דור דורות:

התך איך נעה איהר דאס אלעס איבערגעבען. (אב)

מרדכי מיין טהייערע הדסה, געגוג מיה האט מיך געקאסט איידער איך האב דיך, נאך דיינע עלטערנס טויט, ערצויגען, איך האב דיך ליעב מעהר וויא א פאטער זיין אייגען קינד, איך ווייס אז עס איז דיר שווער צו פערגעסען די פערזאן וואס האט אין דיר איינגעפלאנצט תורה, פרומקייט און גוטע מדות. איך ווייס אז דאס קאלטע מעטאל נאלד זילבער איז ניט אימשטאנד אויסצולעשען דאס הייליגע פייער וואס ברענט דיר אין הערצען, אז דוא דארפסט נעהן קוקען דעם טויט גלייך אין דיא אויגען אין אזא צייט וועהרענד עס



נעהם דיר צום לעבען, אח גאט ! לאז איהר בייאשטעהן דער זכות פון איהר עלטער זיידען שאול המלך. איך האב זיא געהיט, איך האב זיא געלערנט זיא זאל דיך קענען ליעבען, ליעבען דיין פאלק ישראל, נא, און אז דיין פאלק האט געזינדיגט וואס איז זיא שולדיג ? זיא איז געווים נאך ניט בעגאנגען קיין זינד, זיא איז ריין און אונשולדיג אזוי וויא דוא אליין וויכסט. נור אין דיינע מלאכים קענסטו פעהלער געפינען, נישט אבער אין אזא אונשולדיגען ענגעל וויא זיא איז.

התך (קומט אריין) מרדכי ! אסתר האט דיר געשיקט זאגען, אז דוא זאלסט צוזאמען נעהמען, אלע יודען פון שושן, אין שוהל אריין, און זייא זאלען אללע פאסטען. פאסטען זאלען אלע אפילו קליינע קינדער זאל מען צו נעהמען פון דיא מוטערס ברוסטען: אוועק געהן זאלען חתנים פון דיא חופות און דיא כלות זאלען אויסטאהן זייערע שלייערס, נעהם צוזאמען אלע כהנים, און זייא זאלען האלטען שופרות אין איין האנד, און די תורה אין דער אנדער האנד, און אזוי זאלט איהר שרייען צו גאטט, און אויפוועקען/דיא אבות פון דיא קברים אז זייא זאלען גאט בעטען פאר זייער פאלק און פאר מיר וואס איך געה יעצט צום געוויסען טויט, אין מיין פאלקס שליחות, דען איך בין שוין געוואוינט צו זיין פערלארען. פערלארען בין איך פון מיינע עלטערן פון קליינערהייט, פערלארען האב איך דיר, פערלירען וועל איך מיין לעבען פון אזא שלעכטער וועלט, וואס אין איהר קען געשעהן אזעלכע מערדערייען, אונגערעכטע רציחות, לאמיר זיך בעסער זעהן אויף דער אמת׳ער וועלט אויף דעם עולם האמת.

מרדכי נעה התך און זאג אסתר׳ן אז איך וועל אלעס טהאן וויא זיא האט בעפויכען. און איך וועל צוזאמען נעהמען אלע אידען פון שושן און מיר וועלען געהן אלע גאט בעטען, דאס איז אונזער איינציגעס מיטעל געגען דעם פיינד. נאר געהן גאט בעטען אין שוהל אריין. (התך אב)

1.

מרדכי
עלענד, קליין, און גטאס
איז יענקעלע גאטעס זוהן
וויא פיינד האבען איהם דיא אומות
און קענען איהם גאר נישט טהון
גבורים מיט זייער גבורה
קענען געגען איהם ניט בייסטעהן

וויא פיעל מאָהל בייא ווילדע מחיערע
איז ער געלעגען צווישען דיא צייהן

וויפיעל מאל האט שוין געהאנגען
איבער איהם דיא שארפע שווערד
וויפיעל מאל פלעגט מען פערלאנגען
איהם אבמעקען פון דער ערד

איהם העלפט פון אלע סכנות
עס זאל איהם נאר ניט זיין:
פאסט יענקעלע א תענית
און לויפט אין שוהל אריין.

2.

דעם שונא צו איבערפאלען
קלייבט מען העלדען אוים
מען גרייט אָן שפיזען, פיילען
מיליטער זעהר גרוים

ער ברויכט קיין שווערד אפילו
פאסטען איז זיין געוועהר
תשובה צדקה ותפילה
דאס איז זיין מיליטער

איין זיפץ פון גאנצען הערצען
שיסט ביז אין הימעל ארויף
וויא שופרות היככט זיין קרעכצען
מלאכים וועקט ער אזש אויף

זייא האלטען פאר איהם מלחמה
דעם שונא נעמט ער איין
און בריינגט איהם די נחמה
גלייך אין שוהל אריין.

3.

דער טינער איז פיעל מילדער
קיין טינער פרעסט ער ניט



דער מענש איז פון איהם ווילדער
ער זוינט נאר מענשען בלוט

הערט נאר הערט א רשעות
וואס א רשע המן קען
אום צו בריינגען אזוי פיעל נפשות
מיט א קריץ פון א פען

לייפערס לויפען און יאגען
עס ברענט אויף זייא דיא הויט
זייא לויפען שנעל און טראגען
דיא בריעף פון דעם שרעקליכען טויט

איהר וועט שוין איהם ניט טויטען
צושטערט איז אייער פלאן
וויל מיט טרערען לויפט יענקעלע בעטען
גלייך אין שוהל אריין.

4.

שוואך איז ער וויא א פליג
און מיט ריזען שטרייט ער
אין דעם שווערסטען זיעג
זיענט ער אָהן געוועהר

פאר זיינע טרערען שטירצען ריזען
העלדען פאלען וויא שטרוי
פון זיינע קרעכצען ברעכען שפיזען
וועו ער ניט צו נאט א געשרייא.

בלעם שילט איהם מיט קללות
עמלק פערפאלגט איהם אָן צאהל
המן ווארפט גורלות
אומבריינגען נאר מיט א מאל

קיין עמלק, המן, בלעם
קענען פון איהם ניט שטארקער זיין
וויל יענקעלע האפט דעם תהילים
און לויפט אין שוהל אריין.

(מרדכי געהט אין שוהל אריין און זינגט הינטער דיא קוליסען)

א וויסטע בשורה ווער געשריען
ערוואכט אייך יודען אין דער צייט
שטעהט אויף קינדער פון דיא וויעגען
קלאגט איהר אלטע און יונגע לייט

נאר אונגעריכט אזא שטראף
געקוויקלעט ווירד איהר באלד גלייך
גרייט אייך אן איהר הייליגע שאף,
דעם חלף שארפט מען שוין פאר אייך.

**קאהר**

ווער איז אונז ווער איז אונז
צו וואס זיינען מיר געבארען
אידישע קינדער מיר זיינען פערלארען
ברעכט אלע די הענד מיר זיינען פערבייא
און נאט דו אליין קענסט העלפען דערבייא.

(דרייא מאל שפיל)

(התך געהט ארויס פון דער שוהל)

**התך** א שרעקליכע צייט אויף אידען, און דאס אלעס האט דער רשע המן אנגע-מאכט, דער טיפוש איז אין איהם פערגלויבט און ער קעהרט איבער וועלטען אייגענטליך איז מרדכי אויך ניט פיעל גערעכט בייא מיר, וואס וואלט איהם געווען געארט ווען ער בייגט זיין עקשנות אמאל פאר דעם רשע, נור פון ווא-נען זאל ער רעכענען אז איבער איהם איינעם זאל זיך אויסגיסען דער צארן אויף אלע יודען, דעם ביישפיעל וועלען שוין קענען האבען דיא מרדכיים וואס וועלען זיין אין דיא שפעטערע דורות און קוים וועט איין מרדכי מאכען איין פעהלער וועלען דיא שונאים אויסגיסען דאס באד אויף אלע אידען. נאר איך ווייס געוויס אז אסתר וועט דאס אלעס פערבעסערן זיא איז אין טרויער און פאסט און בעט גאט, און מיט איהר אלע אידישע מעדכען, און באלד דארף זיא זיין ביים מלך, זעהט ער זיא ניט פערגעסט ער א ביסעל אן איהר, וויל ער האט נענוג אסתר׳לעך, נאר ניט אזעלכע וויא זיא איז, נאר קוים דערזעהט ער זיא ווירד ער באלד בעצויבערט פון איהר חן פאר איהר אונ-שולד און עניות. אה, דער רשע המן נעהט.

**המן.** וואס טוהסטו דא התך?

**התך.** עס ציהט מיך אלס צו מיין פאריגען ארט, צייט דער קעניג האט מיר



געגעבען די נייע שטעלע צו בעדינען אסתר׳ן בענק איך דאך אמאל צו מיין פאריגען ארט מען איז שוין אזוי איינגעוואהנט.

**המן.** צו קלוג ביזטו המן׳ען צו נארען, וויא מיר שיינט, דארף דיר דיא שטעלע פיעל ליעבער זיין וויא יענע, דען דוא ביזט דאך געווארען א גאנצער ראטה-געבער.

**התך.** וואס מיינט איהר מיט דעם?

**המן.** דוא מיינסט אז איך ווייס ניט אז דוא טראגסט פלאטקעס פון מרדכי׳ן צו אסתר׳ן און פון אסתר׳ן צו מרדכי׳ן, דוא ווילסט מיך פיללייכט פערקלאגען פאר דער קעניגין? דעם מלך אנרייצען אויף מיר? דער קעניג איז מיינער, דיא קעניגין וועט זיין מיינע און איהר פון וואנען איהר זייט געקומען אהין געהט! (ער שטעכט איהם)

**התך.** רשע! (פארהאנג פאלט, פערוואנדלונג)

---

(אין זאאל ביים קעניג, המן קומט אן).

**ויזתא.** אבער איך האב מיך אנגעשטויסען אז אסתר וועט קומען אהער.

**המן.** וואס טוהט דער קעניג?

**ויזתא.** ער טהוט א שידוך און האט חהונה און איך טהו איהם אנגיסען וויין און ער טרינקט און ער זאגט מיר, ויזתא טרינק אויך, און איך זאג איהם א דאנק אדוני קעניג, אז איך וועל טרינקען וועל איך דאך ריידען נארריש קייטען. זאגט דער קעניג, טרינק ויזתא און רייד נאררישקייטען. ניין, זאג איך, וועל נישט טרינקען און ניט ריידען נאריש־קייטען. טאטאתיא, איך האב מיך אנגעשטויסען.

**המן.** אז וואס?

**ויזתא.** אז דער מלך פון פרס און מדי האט ליעב דעם כוס.

**המן.** שטיל, דער קעניג קומט.

**אחשורש.** אויפהענגען וועל איך אלע דיא וואס האבען מיר געגעבען דעם ראטה ושתי צו טויטען, אלע פון גרויס ביז קליין (ער דערזעהט המן) זעהסטו מיין טהייערער ראטה־געבער דוא ביזט מיר אמת געטרייא, דוא האסט מיר נאר געהייסען אז איך זאל זיא נאר אויף איין אנדערע פערבייטען, דעם הייסט דיא קרוין ביי איהר צונעמען און געבען איין אנדערער, אבער דיא וואס האבען מיר געהייסען זיא טויטען וועל איך זיי אלע אויפהענגען.

**המן.** או, דוא האסט דען חרטה, גרויסער קעניג? דוא זעהסט דאך אז דוא

האסט געמאכט א בעסערן בייט. אסתר'ס אונשולד שטעהט ביי מיר א סך העכער וויא ושתי'ס יחוס, פון נבוכדנצר'ס בלוט קען קיינמאל קיין גוטעס ניט ארויסקומען. אסתר איז מיר פיעל ליעבער וויא ושתי.

א ח ש ו ר ש. וואס הייסט זיא איז דיר פיעל ליעבער ?

ה מ ן. איך מיין, דעם קעניג דארף זיא פיעל ליעבער זיין !

א ח ש ו ר ש. נא זיא האט ביי מיר פיעל חן.

ו י ז ת א. זיא האט ביי מיר אויך חן, און דוא האסט ביי מיר חן און דער טאַטאַתיא האט ביי מיר חן.

ה מ ן. עס שיינט מיר אז דיא קעניגין קומט. וויא קומט דאס זיא זאל קומען אונגעבעטען ? דאס מוז עפעס זיין ?

א ח ש ו ר ש. נא יא... זיא האט מיך אזוי ליעב אז מען שיקט זיא ניט רופען קומט זיא אליין.

ו י ז ת א. איך האב מיך אנגעשטויסען.

א ח ש ו ר ש. נא יא, אז וואס ?

ו י ז ת א. אז זיא האט דעם קעניג אזוי ליעב אז מען שיקט זיא ניט רופען קומט זיא אליין.

ה מ ן. און דאס געזעטץ ?

א ח ש ו ר ש. נא יא נא, און דאס געזעטץ ?

א ס ת ר. (ערשיינט, סאלדאטען לאזען זיא ניט אריין) אה !

א ח ש ו ר ש. שרעק זיך ניט מיין טהייערע, קום צו מיר, ביזט ביי דיין געטרייען מאן וואס האט דיך ליעב מעהר פון אלעמען אין דער וועלט. זאג מיר אסתר'ל, עס איז דיר ניט גוט ? זאג !

א ס ת ר. (זינגט) ניין ניין ניין, עס איז מיר שוין גוט, פערצייהע פערצייהע פערצייהע מיר, וואס איך האב געוואגט גאר אונגעבעטען צו קומען צו דיר.

ק א ח ר. מיט חסד און מיט רחמים זיי דוא מלך (צוויי מאל)
ענטזאגע נישט דער קעניגין דוא מלך " "
בעוויז אצונד דיין גיטע " "
ענטזאג איהר ניט דיא ביטע " "

א ס ת ר. דרייסיג טעג זיינען פערפלאָסען
פון דער צייט ביז אצינד,
זייט אונז האט שטאַרק צונויפ-געשלאָסען
דער טרייער הייליגער בונד.



פון דעם גליקליכען מאָמענט
האב איך דיך שוין ניט געזעהן,
וואס דא האט פאַרגעהען געקענט
איז מיר שווער צו פערשטעהן.

ק א ח ר מיט חסד א. ז. וו.

א ס ת ר עס פלעגט מיר אבער ציהען
מיין הערץ פלעגט מיר שיער אויסגעהען,
עס האָט נישט געקענט איינרוהען
נאך איינמאָל כאָטש דיר צו זעהן....
פערצייהע קעניג פערצייהע,
פעראורטהייל דאס הערץ אדער שעטץ,
ווען עס איז בערוישט פון טרייע
ווייס דאס פון קיין מענשען געזעטץ.
לאָז זיין, טראכט איך, וואָס וועט זיין,
מיין לעבען איז שוין קיין לעבען,
איך געה צו דיר שנעל אריין.
יעצט גיב מיר דיין אורטהייל אלס איינס וואס דוא וועסט געבען.
האַ האַ האַ !

א ח ש ו ר ש ניין, מיין טהייערע, ניט פאַר דיר איז דאָס געזעטץ, איך האב דיך ליעב וויא מיין גאַנצעס לעבען, זאג מיין שעהן אסתר'ל וואס האט דיר אהער געבראכט ? זאג וואס איז דיין ביטע, ביז אין דער העלפט פון מיין קעניגרייך שענק איך דיר.

א ס ת ר (זינגט) נישט זא גרויס איז מיין ביטטע, הער אויס מיין ביטטע:
אויב דוא ווילסט אז איך זאָל האָבען פערגעניגען איינס נאָר אין דער וועלט, זאָלסטו קומען מיט דיין המן טאַקע מאָרגען צו דער סעודה וואס איך האב בעשטעלט.

נוא וואָזשע שווייגסטו ? זאגסטו מיר צו ?

א ח ש ו ר ש יא, איך זאָג דיך צו !

א ס ת ר קומסטו מארגען אין דער פריה !

א ח ש ו ר ש יא מאָרגען אין דער פריה !

בעשטימט ? — בעשטימט — (צוויא מאָל)

א ס ת ר קומסטו מאָרגען אין דער פריה ?

**אחשורש** יא, מארגען אין דער פריה ! (יא, אויב דוא וולסט ביז בעשטימט)

**קעניג** וועט נאר זיין א נלעזועלע וויין ? (צוויא מאל)

עס איז א פראגע אויב עס וועט זיין וויין " "
אי אי וועט דארט זיין וויין.
נאך וואס פאר א גוטער וויין.
אונטערהאלטען וועלען מיר זיך פיין און אויך פריילין זיין,
וויוואט, וויוואט, וויוואט, הא הא הא

(זיא געהט ארויף לאנגזאם אויף דיא טרעפ, אלע נאך)

(פארהאנג פאלט.)

---

# דריטער אקט.

(המן'ס קינדער ביי א גרויסען טיש)

**המן** (פון דער פערנע) שרייבט זשע ניך געשווינד
וואס מען זאגט אייך פאר אצינד
שרייבט זשע גיך געשווינד,
טונקט א יעדער
איין דיא פעדער
שרייבט און קלעקט ניט, בעשיט מיט זאמד,
שרייבט זשע גיכער
אין דיא ביכער
איילט אייך איילט אייך נים געזאמט
איילט אייך איילט אייך איילט אייך נים נעזאמט,

**המן** (סאלא) צו פערטיליגען (קאהר דאס זעלבע)
און צו הרג'ענען (קאהר דאס זעלבע)
אלע יודעלאך פון אונזער קעניגרייך
נישט קוקען ווער עס איז ארעם און ווער עס איז רייך.
אלטע יודען טרעטען ווארפען אויף דעם מיסט,
ווייבלאך, מיידלאך, טוידטען קינדער פון דיא בריסט,
מענער מענער מענער ווייבער.... טרעטען.... טוידטען....

**קאהר** (שרייבט זשע ביז איילט אייך נים געזאמט).



**דלפון** גנעדיגער פאטער אלעס איז פערטיג, מען דארף נאר בעשטימען דעם דאטום אין וועלכען מאנאט עס זאל געשעהען דיא הריגה.

**המן** שנעל זאל איינער געהן פון אייך, און רופען אהער דעם שטערן-זעהר און ער זאל ווארפען גורל, אין וועלכען מאנאט עס קען בעסער זיין, ווייל דאס זיינען אידען, אזא פאלק וואס זייא האבען אזא גאט. ווען זייא בעטען איהם טהוט ער זיי צוליעב, און איז מבטל דיא גזרה. דארום מוז מען אויסזוכען אזא מאנאט וואס זייא האבען קיין זכות ניט צו בעטען. גוא געהט ניך אבער שנעל.

(המן מיט אלע קינדער אויסער דלפון געהן אוועק, דלפון לייגט צוזאמען אלע פאפירען, אויפטריט ויזתא.)

**ויזתא** טאטאתיא ! טאטאתיא !

**דלפון** וואוהין לויפסטו עס אזוי ?

**ויזתא** וואוהין איך לויף אזוי ? איך לויף אזוי ?

**דלפון** קוק נאר אן, וועמען דארפסטו ? וואס פאר א געשעפטען האסטו ?

**ויזתא** וועמען איך דארף איך דארף איך דארף, יא איך האב מיך אנגעשטויסען, וואס איז דיין געשעפט ?

**דלפון** זעה נאר דאס גרויסקייט פון איהם, עס שטעהט איהם שוין גאר ניט אן צו ענטפערן, א קליינינקייט אחשורש'ס נאר.

**ויזתא** אז דוא ווערסט מיר רופען נארר ווערסטו מיר דארפען געבען לעקאך.

**דלפון** חא חא, א חכם ויזתא, א חכם !

**ויזתא** אז דוא ווערסט לאכען פון מיר וועל איך מיך אנשטויסען.

**דלפון** נעוויס, איין אקס שטויסט זיך אן.

**ויזתא** ניין, איין אקס שטויסט יענעם אן, און איך שטויס מיך אליין אן.

**דלפון** חא חא, א חכם ויזתא, חא חא !

**ויזתא** פאר וואס לאכסטו פון מיר, טאר מען דען לאכען פון א ברודער? די גאנצע וועלט האבען ליעב ויזתא'ן, דער טאטא'אתיא מיט דער מאמותיא האט אויך ליעב ויזתא'ן אפילו דער מלך האט מיר אויך ליעב, נאר דיא ברידער האבען מיך פיינד. איך זאג אייך, אז ווען איהר וועט אזוי שפאטען פון מיר וועל איך אייך אבטהאן א שפציעל איך וועל אוועקגעהען פון אייך און מעהר נישט קומען, אט דאמאלס וועט איהר אלע טאקע בלייבען אהן א ויזתא.

דלפין זאג מיר ויזתא, ווער האט דיך אויסגעלערנט ריידען?
ויזתא ווער עס האט מיך אויסגעלערנט? טאקע איך אליין. איך קען נאך ריידען, און א סך ריידען.

דכפון נוא, רייד רייד דוא נאר, חא חא חא! א חכם ויזתא, חא חא? (זאב) ויזתא נוא בין איך א נאר. אבי איטליכער האט מיך ליעב, ווייל, ערשטענס, (ציילט אויף דיא פינגער) האב איך גליק, צווייטענס, האב איך אגוט הער־ץ דריטענס, האב איך א גוטען אפעטיט צום עסען, פיערטענס, האב איך... פינפטענס, זעקסטענס, האט מיך דיא גאנצע וועלט ליעב, ווייל איך בין א גוטעטשקער ויזתא.

(ער זינגט:)

שפארען וועל איך מיך מיט קיינעם ניט דערפאר
איך לייקען עס ניט אב אז דאס איז וואהר
וואו מען געהט
וואו מען שטעהט
אין יעדען לאנד איז בעקאנט
אז ויזתא איז א נארר,
יעדער אבער האלט פון איהם, דאס איז א כלל
ווייל ער איז בטבע אהן א גאל.
ער איז גוט
שטילל בארוהט
שאדעט ניט
קיינעם ניט
בעליעבט יא איבעראל.
איידער צו האנדלען מיט א קלוגען דיעב
א כלב א שווינדלעראתיא
האבען צו טהאן האט יעדער בעסער ליעב
מיט א גוטעטשקען ויזתא
באטש ויזתא איז א נארר ויזתא,
האט מען איהם טאקע ליעב דערפאר ויזתא.

2.

אז א סוחר פיהרט זיין מסחר זעהר הויך
און זוכט צו זיך א שותף א בעל מוח



צום דעם ציעל
שותפים פיעל
שטעלען זיך פאר
וואס זייא נאר
זיינען פעהיג אויך.
וויפיעל שותפים האבען זיך שוין פארנעשטעלט
אלע זיינען רייך און האבען געלד
דער איז נאך
קלוג אין תוך
דער איז גוט
אין געשעפט געניט
איינס נאר אין דער וועלט,
מיין שותף דארף פון מיר ניט קליגער זיין
טראכט ביי זיך דער גנב'אתיא
פאר א שותף געפעלט מיר דער יונגער מאן
ווייל ער איז א גוטעטשקער ויזתא
כאטש ויזתא איז א נארר ויזתא
האט מען איהם טאקע ליעב דערפאר ויזתא.

3.

א יונגע ווייבעל האט א מאן פון זעכציג יאהר
און ליעבט זיך אין א יונגען מאנטשיק גאר,
וואס איז עט
פאר א חטא
אז מען רעדט
און מען גלעט
זיך וויא טויבען א פאר
איך וואלט געקומען אפט צו אייך אין שטוב אריין
זאגט צום ווייבעלע דער יונגער מאן,
נאר איך היט
מיך גאנץ גוט
אייך טאהן א קיש
פאר אייער איש

ער וועט אייפערזיכטיג זיין.
נישט קשה קומט צו מיר אין שטוב אריין,
טרייסט איהם דיא ווייבעלנואַתיאָ,
האט קיין מורא פאר מיין אלטען מאן
ווייל ער איז איין אלטיטשקער ויזתא,
כאָטש ויזתא א. ז. וו.

4.

אויך די מענשען וואס איך זעה דא פאר מיר היינט
זיינען אויך צופריעדען וויא מיר שיינט
נאר אָהן שיעור
נאר פון מיר
וויא איך זעה האבען זיי מיך ניט פיינד,
איך שפיעל פאר זיי קיין דראמא און טראַגעדיע
איך רייד מיט זיי ניט קיין פילאָזאָפיע
איך טהו זיי
נאר נישט וועה
און איך שפיעל
מיט געפיהל
מיין ראָלע און זינג מיר צו
און אפילו דיא דאמען מיט דעם גאנצען כח
שרייען בראַוואָ ביס בראַוואַתיאָ
וועלען פלעסקען מיט דיא הענטלאך גאנץ הויך
ווייל איך בין א גוטעטשקער ויזתא
כאָטש ויזתא א. ז. וו.

(ער וויל אוועקגעהן בעגעגענט ער המן מיט זרש)

ז ר ש ווידער א סעודה און אבער א סעודה, א מעהר בלייב שוין דאָרט נעכטי-
נען אויף שטענדיג, דוא ביזט דאך נאר א גאסט אין שטוב.

ה מ ן וואס טהוסטו ויזתא ?

ו י ז ת א איך האב מיך אנגעשטויסעי אז מאָרגען וועלען אלע אוועקגעהן צום
מלך אויף דער סעודה און איך וועל בלייבען נאר אליין. האב איך דיר גע-
וואָלט בעטען אז דוא זאלסט מיך אויך מיטנעמען.

ז ר ש וויא זיא האט זיך צוקאָזט מיט דיא סעודות נאר איהם דארף זיא — זאָג



נאָר מיט וואס האסטו עס בעקומען ביי איהר אזא חן, לאָז מיר אויך וויסען
וועסטו מיר נאך בעסער געפעהלען.

ה מ ן איך זאל דיך מיט נעהמען, האב איך קיין רעכט ניט, ערשטענס, האט די
מלכה נאר מיר אליין געבעטען און צווייטענס, בעט דעם מלך, ער האט
דאך דיר ליעב, וועט ער דיר אויך מיט נעמען.

ו י ז ת א יא טאַקי איך וועל זאגען, אדוני קעניג, דו אליין געהסט צו דער מלכה
אויף דער סעודה, און מיך ויזתא לאָזטו אין דער היים.

ר ש שטיל דוא נארר : דוא הערסט דאך דאכט מיר אז דיא מלכה האט דעם
פאטער אליין געבעטען, ווייל זיא האט איהם ליעב.

ו י ז ת א טאטאתיא, איך האב מיך אנגעשטויסען.

ה מ ן אז וואס ?

ו י ז ת א אז דיא מלכה האט ליעב דעם טאטאַתיא.

ה מ ן פון וואנען ווייסטו עס ?

ו י ז ת א ער האט עס אליין געזאָגט.

ה מ ן קלוג און קלוג און פאָרט איין נארר, מיט א קינד רעדט מען ניט אזעלכע
נארישקייטען, ווייבערשער שכל.

ז ר ש דוא רעדסט נאך, מען זעהט דאך דיר זעלטען אין דער היים, טאג און
נאכט לינסטו נאר דאָרטען אזא פראָסט מיידעל, דארף גאָר פלוצים ווערע
איין קעניגין, געוויס פערשטעהט זיא קיין דרך ארץ נישט, פאר וואס בעט
זיא מיך נישט ? זיא ווייס דאָך אז דוא האסט א פרויא. הא ? וואס
שווייגסטו ?

ה מ ן דוא זעהסט דאך, אז דוא רעדסט און רעדסט און איך ענטפער דיר ניט,
ניט פאר דעם ווייל איך האב דיר ניט וואס צו ענטפערן, נאָר איך וויל מיר
איינפאך נישט קאַליע מאכען מיין מויל, איך האב בעסערע פערגעניגען צו
ריידען מיט דעם נארישען קינד ווייל ער איז נארריש, אבער דוא ביזט אויך
נארריש נאר פון דיר רעדט ארוים דיא ניפטיגע אייפערזוך, וויא קלוג איהר
זאלט זיין, און אז עס קומט נאר צו דעם פונקט ווערט איהר א ניפטיגע
חיה א בהמה איך מאך מיר פון דיינע רייד גאר נישט.

ז ר ש דוא מאכסט וועניג פון מיינע רייד א חיה, א בהמה, אוי.... (חלשט)

ו י ז ת א טאטאַתיא ישוין ?

ה מ ן וואס שוין ?

ו י ת א דיא מאמאַתיא האט געמאָכט אפגראַתיאָ.

**המן** זרש, נא נענוג דיר נאַרריש צו מאכען דוא זעהסט דאך אז דיין מאן האַט אין אזא קורצער צייט עררייכט אזא מדרגה, מיניסטער, ראטה-געבער, משנה למלך, און דעם גרויסען כבוד מהייל איך נאר מיט דיר אליין, אנדערע פרויען וואלטען זיך גליקליך געשעטצט, און בייא דיר איז עס גאר ניט אנ-געליינט.

**זרש** יאָ, אבער אסתר!

**המן** נא וואס איז אסתר? אסתר האט דאך איהר אחשורש.

**ויזתא** און אחשורש האט מיר ויזתא.

**המן** און דאס וואס זיא בעט נאר מיך אליין צו דער סעודה. איז וואהרשיינליך דאַ איין אורזאכע, פיליייכט דארף מען ריידען וועגען אנגעלעגענהייט פון דער מלוכה וואס ניט יעדען איינציגען מעג מען עס אנפערטרויען. דען דיא מלוכה האט איהרע געהיימניסע וואס ניט יעדער איינער דארף הערען.

**זרש** איך ווייס! איך ווייס!

**המן** נוא וואזשע רעדסטו, זעהסטו איך בין יא שטאַרק געקריינקט, און פון דעסט וועגען ערצעהל איך דיר גאר ניט, מיין גאנץ גרויסקייט, און דעם גרויסען כבוד וואס מען גיט מיר אב איז בייא מיר גאר ניט אנגעליינט. דע זאָלאנג וויא דיא זאננע וועט שיינען אויף דעם פערפלוכטען יודען מרדכי, קען איך עס ניט אויסהאלטען זיין בליק פול מיט שנאה בויערט מיין ברוסט דורך.

**זרש** נאָ און דוא גרויסער חכם זאלסט דערמאנען פון אזעלכע נארישקייטען, דוא מאַכסט דאך דאַכט זיך נישט פון אזעלכע נאררישקייטען, איז ער דען דיין גלייכען?

**המן** מיך אַרט ניט דעם כבוד וואס ער גיט מיר ניט אב, ווייל איך בין צו גרויס זיך צו מאכען פון אזא נארישקייט נאר אזא ניכטס, זאל האבען אזא האָזע מיך צו פעראַכטען.

**זרש** נאָ מיט איהם דארפסטו אזוי פיעל געשעפטען מאכען, דוא האסט דאָך שוין דיינס געטהאן, אין א קורץ שטיקעל צייט וועט ער שוין מיט זיין אומה אויף דער וועלט ניט זיין, דעם אמת זאג איך דיר, אז אנצוהויבען מיט א גאנצער אומה איז זעהר שווער, און דוא האסט אָנגעהויבען מיט אזא פאָלק וואָס זייא האָבען אזא נאָט וואָס ער בעוויזט זייא איבערנאטירליכע וואונ דער איך האב מורא, אז דוא זאלסט ניט בלייבען צום נארר.

**ויזתא** אט בין איך דאָ



**זרש** אוועק!

**המן** לאז דאס קינד פרעגען.

**ויזתא** טאַטאתיאָ, אין איד האט געזינדיגט, פאַר וואס לאזט אויס שעכטען אלע אידען?

**המן** זעהסטו מיין מוזיניק, דו ביזט אָ קינד מוז מען דיר ערקלעהרען אמאָל אז די אידען האָבען געהאט זייער איינען קעניגרייך, און האבען געפירט מלחמות מיט אונז האט זייא זייער גאט אנגעזאגט, ווען זייא וועלען נאָר דער טאַפען איי-נעם פון דיא עמלקים זאָלען זייא איהם פון דער וועלט פערניכטען, נא יעצט אָבער אז מיר האָבען דיא מאכט, דארפען מיר דאָס זעלבע מיט ייא טהאן.

**ויזתא** הייסט דאס אז יעדער הונד איז אויף זיין מיסט גרויס, איאָ איך האָב איך האָב מיך אָנגעשטויסען, אמאָל זיינען זייא געווען גרויס אויף זייער מיסט, היינט זיינען מיר גרויס, זיינען מיר הינד, מיין איך מיסט, מיין איך מיסט, מיין איך גראָז, מיין איך הינד, מיין איך....

**זרש** זעהסטו, אז מען לאזט זיך אריין אין ריידען מיט איין נאַרר, געה שוין געה!

**המן** לאז דאס קינד ניט זיין פרעמד פון דער געשיכטע, און פון קינדהייט אָן דארף מען זעהן איינפלאַנצען אין איהם וואס מיר עמלקים טראָגען אויף די אידען, פון דער ערשטער מינוט אָן ווען זייא זיינען איין נאציאָן געוואָרען פערגעסען זייא ניט זייער האס געגען אונז, אונד אז איינער פון זייערע קעניגע האט איבער געלאָזען אין דער מלחמה, א לעבעדיגען איינעם פון אונזערע קעניגע אגג, האָט דערפאַר גאטט בייא איהם דיא מלוכה צוגענומען, נאָר וואס פאַר איין מיינונג וואלט יעצט מיין פאָלק איבער מיר געהאט, אז איך ווען דאס גליק האָט גראדע צוגעשפיעלט, זאל פון זייא קיין ראכע ניט נעמען. אלזא פון זייא איז שוין קיין רעדע. דיא; בריעף זיינען שוין צושיקט אין גאנצען לאַנד, און אין א קורץ שטיקעל צייט וועלען זייא אלע שוין אויף דער וועלט ניט זיין, נאָר דערווייל, ביז יענער צייט, פערביטערט ער מיר מיין זיס רוהיג לעבען, זיין בליק פול מיט שנאה און פעראַכטונג צער-שטערט מיר מיין זיסע געגענוואַרט.

**זרש** נא אזא פערזאן קענסטו ניט בייא קומען, איך ווייס ניט וואס קלעהרסט אזוי לאַנג.

**המן** מיין שווערד וואלט שוין לאנג פערזוכט זיין אונריין בלוט, נאר ער דרעהט זיך מיר עפעס צופיעל בייא דעם קעניג אין פאלאסט, און ווייל עס ווירד

איהם ניט פערבאָטען, רעכען איך, אז ער האט פיעלייכט עפּעס א זכות בייא דעם קעניג, און איך וויים עס ניט.

**זרש** אבער דער מלך קען דאָך ניט פערביימען דיין כבוד און לעבען, אויף אזא מענשען, דוא נעה אריין צום מלך, און קלאג דיך פאר איהם, איך בין זיכער אז ער וועט דיר דאס געוויס טהאן, מאך שוין פארטיג א תליה, און ווער איהם פטור.

**ויזתא** איך האב מיך אָנגעשטויסען.

**המן** אז וואָס?

**ויזתא** אז מען וועט איהם אויפהענגען וועט ער זיך שוין מוזען בּוקען צו דיר.

**זרש** נוא וואס נעהסטו שוין ניט צום מלך, ער מוז שוין געוויס בּיינקען נאך דיר ער האט דאך דיך ליעב (אב)

**ויזתא** איך האב מיך טאקי אנגעשטויסען, אז איך האב דיר אויך פיינד, דער־פאר וועל איך מיר אוועקגעהן צום מלך וויל ער האט ליעב דעם גוטעטשקען ויזתא, און בייא איהם וועל איך שוין אויף עווינ בלייבען און דוא טאַטאַתיאַ וועסט בלייבען אָהן א ויזתא (אב)

**דלפון** דער שטערנזעהער איז געקומען.

**שטערנזעהר** (אלע זיהן קומען אריין) איהר האט מיר געשיקט רופען?

**המן** יא איך האב אייך געשיקט רופען איהר זאָלט גורל ווארפען אין ועלכען חדש עס איז בעסער מען זאל בעשטימען דיא הריגה, אלעס איז שוין פערטיג עס פעהלט נור דער דאטום, נאָר שנעלער, דיא צייט שטעהט ניט.

(שטערנזעהר זינגט)

(עס ערשיינט דער מאנאט)

ראש חדש ניסן איז געפאללען
ניסן איז ניט רעכט
וויל אין דעם חדש אין דעם נייען
איז יודען גאר ניט שלעכט
נאט האט זייא פון מצרים אויסגעלייזט פון קנעכט
אין חדש אייר פלענט זייא דער מן בעלעבען.
אין סיון איז זייא דיא תורה געגעבען
אין תמוז איז ירושלים'ס מויער
טיעף אין דער ערד אריין
האָבען זייא סייא וויא סייא א טרויער
תמוז קען ניט זיין.





**קאהר** יא דער חכם האט טאַקי רעכט
אין דיא חדשים איז שלעכט
ווארפט זשע דעם גורל נאך אמאָל אויס
פיילייכט וועט בעסער ארויס.

**שטערנזעהער** ראש חדש אב איז אונמעגליך
אלול קען אויך ניט זיין
וויל משה איז דאמאלס אין גאטס שליחות
דאס ערשטע מאל געגאנגען
און אויך האט ער דיא צווייטע לוחות
גענומען אין דיא הענד אריין
אין תשרי פערגיט גאט דיא חטאים
אין חשוון האט דאס מבול פערפלייצט דיא רשעים
אין כסליו פלעגט מען אויפבויען
דאס בית המקדש פיין
און אויב איהר האט צו מיר צוטרויען
כסליו קען אויך ניט זיין.

**קאהר** יא, דער חכם......(ביז בעסער ארויס)

**שטערנזעהער** ראש חדש טבת איז געפאלען
טבת קען ניט זיין
וויל דאמאלס האָט דער מלך בבל
בעלאגערט דיא שטאדט ציון
דער איד איז דאמאלס בלויז איין אבל
וואס זשע האט מען אויפגעטהאָן
שבט איז בייא דיא פירות ראש השנה
מען פלעגט צו ברייננען א מתנה
אלע מעשרות און בכורים
אין בית המקדש אריין
דאמאלס זינגט מען פאר גאט שירים
אין שבט קען ניט זיין.

**קאהר** יא, דער חכם......

**ר״ח אדר.**

**קאהר** אדר — אדר — אדר....

**שטערנזעהר** אדער ווייזט שוין עפעס רעכטס
איך וויים קיין נוטס און אויך קיין שלעכט
ראש חדש אדר קען שוין זיין
יא אדר איז דער בעסטער פלאן.

**קאחר** נוט געטהאן
דער טערמין
עס קען שוין בעסער גאר נים זיין
נעהמט זשע גיך
יעדער דעם בוך
ר"ח אדר שרייבט אריין.

**המן** (פראזא) פערזאמט קיין אוינענבליק
לאזט דעם שטן קיין גליק
פער חתמ'עט דיא בריעף אצונד
און צו שיקט זייא גיך געשווינד.

נא וואו זיינען דיא לויפעדס לאזען זייא שנעל אריינקומען און צוטראגען דיא בריעף אין גאנצען לאנד.

**קאהר** (זינגט) איינס בלייבט נאך יעטצט
חתמ'עט זשע צו לעצט
חתמ'עט זשע...(זיעבען מאל) צו לעצט....!

(עס הערט זיך א שטימע)

**בת קול** וויא נאריש איז דער מענש מיט זיין וויסען
זיין גאנצע חכמה איז נאר א שפאס.
וויא קען דען א מענש פריער נאר בעשליסען
אז בעשלאסען האט נישט גאט.

טעדטען ווילסטו יטנקעלען מיין איינציגען זאחן
עווינ וועט ער לעבען — זא עווינ וויא איך בין

דיין פלאן רשע איז צושטערט
דער גזר פון איהם איז אויף דיר איבערגעקערט

המנ'ס זעהנע זינגען) נעהמט אייך בריוועלעך יעדער בעזונדער
מיט דיא אדרעסען אין דער גאנציער לאנד



לייפער, לויפט גיך און געשווינד
נים אב יעדען צו דער האנד
יעדערער שר — הא הא הא
יעדער הארר — הא הא הא
וואס צו איהם איז געשריעבען היינט
און צו יאנט — הא הא הא
און צוטראגט — הא הא הא
דיא אדרעסען אין גאנצען לאנד.

פארהאנג פאלט

ענדע פון דריטען אקט.

---

# פיערטער אקט.

(דעם קעניגס שלאפצימער, ער ליגט אויף א בעטעל צווייא נעגערלאך שטעהן נעבען איחם און פאכען איהם.)

**ביידע** דיא שטילע זאנפטע קעניגין דיא נאכט
האט דער מיך פאר איהר בלויען שאלל געבראכט
אויסגעשטיקט מיט שטערענדלעך איז זיא
און וויא א הויך גראז דעקט זיא דיך צו
דיא בלומען שענקען דיר אויך צום געשאנק
זייער שמעקענדיג דופט צום שלאף געטראנק
דער שטארקער שלאף גלעט דיר דיא גליעדער אויס
דיא רוהע פערווינט דיך אין איהר שויס
שלאף מלך שלאף בערוהט.

**צווייטער** דער שלאף, דער מאכט דיר גוט,

**ביידע** דיא פאלמען בלעטער האבען דיא הענד פערשפרייט
גלייך וויא צום הימעל זאגען זייא א געבעט
זייא בעטען גאט וואס זיין אוינ שטענדיג וואכט
מיר ווינשען דיר מלך א גוטע נאכט.

**קעניג** נא גענוג צו זינגען, און צו פאכען, געהט אייך איך וועל שוין אנטשלאפען ווערן (ליגט זיך) אבער ניין מיר נעמט זיך קיין שלאף נים, זאל איך טיינע,

אז עס איז דערפאר ווייל איך בין היינט אזוי שפעט נעזעסען בייא אסתר'לען אויף דער סעודה, און איך האב געטרונקען איין איבעריג ביסעל ווײן (פויזע) נא יא נא דאס האב איך דאך געזאגט יא נא. (ער זינגט) איך ווייס ניט ניין...... מארגען בעט איך דיר ווידער צו דער סעודה מיט המן'ען — ניין המן'ען דארף זיא ניט בעטען. איך בין דיין מאן.... לייגט זיך)

(זינגט) עס איז א פראגע אויב עס וועט זיין ווײן.... אך ווא שעהן זיא מאכט עס מיט איהר קולכען און מיט דעם סעפעלע שאקעלט זיא צו ווײן.... ווײן.... טרינק מיין מאן אוים דעם ווייך, דער ווײן איז גוט טרינק...... טרינק.... (שפרינגט אויף) אהא איך טרינק איהר מיינט אז איך בין שוין שיכור ? אה ניין איך האב נאך מיין פערשטאנד בייא מיר, איך זעה וויא המן ווארפט איינעלאך אויף אסתר'ן אוי איז דאס איין דורכגעט-יעבענער קלונער יונג. (לאזט זיך פונקט צו טומלען שפרינגט ווידער אויף אהא סעודות אונטער מיינע פלייצעס, פערניפטען ווילט איהר מיך ? דיא קרוין ווילט איהר, דיא מלוכה! ווער וואס...., ווער וויל ? וועמען געלוסט זיך ? (זעטצט זיך) אה דאס קומט אלץ וואס איך האב שוין א פאר נעכט נישט געשלאפען, איין איבעריג ביסעל ווײן אויך געטרונקען, נא געוויס מוז אויך אין דיא גדאנקען פארקר-מען דער טייפעל ווייס וואס, שלאף בעסער שלאף א גוטע נאכט (לייגט זיך און שפרינגט ווידער אויף) אויף מיין לעבען קלערט מען, פערניפטען וויל מען מיך, וואס האב איך דען אזוינס געטאהן.... פאר וואס בין איך אזוי זינדיג אז איך זאל ניט האבען א געטרייען מענשען, וועלכער זאל מיר אלעס ער-צעהלען וואס אונטער מיינע פלייצעס טהוט זיך איך וואלט היינט מיר דעם וועלכען ? וועמען ? שלאף בעסער שלאף (לייגט זיך) אוי נישט איין מאל האט מען שוין געטראכט אויף מיין לעבען, פלעגט זיך דאך געפינען איינער וועל-כער האט מיך פון דעם אבגעהיט... הא... ווער..... וויא הייסט ער ? (זעצט זיך) איז דען מעגליך מען זאל האבען אזא זאך פערגעסען ? אזא מענ-שען וועלכער האט מיר מיין לעבען גערעטעט ? הא ?

(ויזתא קומט אריין און געהנעצט)

ז ת א איך האב מיך אנגעשטויסען וואס ווילט איהר ?

ק ע נ י נ נא יא גא וואס?

ו י ז ת א איך וויל שלאפען

ק ע נ י נ פאר וואס שלאף איך ניט ? (אפארט) דער קליינער געפעלט מיר.



ו י ז ת א פאר וואס איהר שלאפט ניט, ווייל איך קען ניט אנשלאפען ווערען, איך אויך ניט.

ק ע נ י נ פאר וואס קענסטו ניט שלאפען ? דער קליינער געפעלט מיר,

ו י ז ת א ווייל איך טראכט און טראכט, אז אלע וועלען אוועקגעהן אויף דער סעודה צו דער מלכה, און איך וועל בלייבען א'ין דער היים. האב איך גע-בעטען דעם טאטאתיא ער זאל מיר אויך מיט נעהמען, האט ער געזאגט אז נאר איהם אליין האט דיא מלכה געבעטען.

ק ע נ י נ פון איהם וועל איך קענען עפעס ערפאהרען, דער קליינער געפעלט מיר. זאג מיר נאר ויזתא, דיין פאטער האט טפעס ליעב דעם קעניג ?

ו י ז ת א ער האט ליעב דעם קעניג ער האט מיך ליעב, און ליעב.

ק ע נ י נ נא און דיא קעניגין האט ער אויך ליעב?

ו י ז ת א טסי, דיא מאמאתיא קען נאך דערהערען, ווייל נעכטען האט זיא שיעור געמאכט אפגראתא ווייל זיא איז געווארען בייז און האט געשריען אויף דעם טאטאתא אזוי, אז מען זעהט דיך גאר ניט אין שטוב, א גאנצען טאג ליגסטו איבער בייא דער מלכה.

ק ע נ י נ (אויפשפרינגענד) פערראטה ! גיפט !

ו י ז ת א (פאלט) וויא איך בין א ויזתא אז איך בין נאר ניט שולדיג.

ק ע נ י נ אזוי יעצט איז מיר שוין אלעם רעכט, געה געה ברייננ מיר אריין.

ו י ז ת א אט געה איך ארייננברייננען.

ק ע נ י נ וואס?

ו י ז ת א דיא רוט.

ק ע נ י נ דאס ספר הזכרונות ברייננ מיר אריין. איז דען מעגליך אז אלע זאלען מיר פאלש זיין. איך זאל ניט האבען איין גוטען פריינד, נא גיך ברייננ אריין (ויזתא אב) דאס קינד האט דעם אמת געזאגט. איך זעה אז צייט א פאאר נעכט קען איך ניט שלאפען, נאר יעצט איז שוין בייא מיר רעכט.

ו י ז ת א (קומט מיט דעם ספר) איך האב מיך אנגעשטויסען אז איך וועל לייענען פון נבוכדנצר וויא ער האט געגעסען גראז.

ק ע נ י נ לייען וואס דוא ווילסט לייענען.

ו י ז ת א (לייענט, דער מלך פערמישט ארויס) און עס האט זיך געטראפען.

ק ע נ י נ נא עס האט זיך געטראפען.

ו י ז ת א און עס האט זיך געטראפען טאטאתא וואס איז דאס.

ק ע נ י נ וואס טאטאתא?

ויזתא ניין איך האב געזאגט אז עס האט זיך געטראפען.
קעניג נא ווייטער.
ויזתא און עס האט זיך געטראטראטא
קעניג נא ווייטער.
ויזתא לאז זיין דא — אויף דער גרויסער סעודה וואס דער קעניג האט געמאכט צוליעב דער קעניגען אסתר האבען בגתן ותרש זיינע סריסים געטראכט צו פערגיפטען דעם קעניג אחשורש, צום גליק האט זיך אונטער געהערט איינער וואס איז געשטאנען ביים טויער פון דעם מלך מיט דעם נאמען מרדכי און ער האט דאס ערצעהלט דער קעניגין, און האט דעם קעניג גערעטעט פון דעם טאדט, און זייא האט מען אויפגעהאנגען.
קעניג נוא און ווייטער.
ויזתא האט מען אויפגעהאנגען.
קעניג וואו שטעהט דאס געשריעבען ?
ויזתא אט דא — האט מען אויפגעהאנגען.
קעניג וואס? מען פערלייקענט מיר גאר דיא מענשען וועלכע זיינען מיר געטריי ווער האט דאס געוואגט איהם אויף צו הייננען ?
ויזתא ניין איך האב מיך אנגעשטויסע מען וועט איהם ערשט הייננען.
קעניג וואס ? דעם מענשען וואס האט גערעטעט דעם קעניגס לעבען וועט מען אויף הייננען, וואו שטעהט דאס?
ויזתא עס שטעהט נאך נים, מען וועט ערשט אויפשטעלען א גרויסע תליה און מען וועט איהם אויף הייננען.
קעניג וואס ? נאך נים גענוג וואס מען האט איהם נים קעניגליך בעלאהנט וועט מען נאך איהם אויפהעננען? און ווער וואגט עס צו טהאן ?
ויזתא טאקי דער טאטאתיא אליין.
קעניג נאך איין בעווייז, און וואס האט מען דעם מענשען גענעבען ?
ויזתא האט מען איהם גענעבען גאר נישט.
קעניג זעה נאר ווער איז דארט אזוי פריה בייא מיר אין הויף ?
ויזתא דער טאטאתיא דער טאטאתיא איז דא
קעניג וואס דרעהט ער זיך עפעס אזוי פריה ארום דא, היים איהם אריין קומען.
ויזתא טאטאתיא גוט מארגען, אזוי פריה ביסטו אויפגעשטאנען צו אסתר'ס



סעודה ? אזוי פריה ביזטו שוין הונגעריג ? אי האט דער טאטאתיא גוטען אפעטיטאתא.

(אויפטריט המן.)

---

קעניג (גיט א מאך צו ויזתא'ן מיט דער האנד)
ויזתא און ויזתא איז אוועק געגאנגען
קעניג (זעצענד) וואס איז דיין בעגעהר מיין טהייערער ראטה געבער ?
המן א קליינע ערנערנים, האט מיך נים נעלאזט דיא גאנצע נאכט שלאפען, יעצט בין איך צו דיר געקומען זאלסט מיר איין קליינע ביטע צוליעב טהאן.
קעניג אויך נים געשלאפען, א גליק וואס איך בין אויך נים געשלאפען (צו המן) א קליינע ביטע האב איך אויך צו דיר, דאכט מיר אז איך בין בילכער פון דיר, אז דוא זאלסט מיר פריהער אויסהערען.
המן לאנג לעבען זאל דער קעניג. בעפעהל און איך טהו.
קעניג (אפארט) איך וועל שוין יעצט מיט נאטעס היכף לאנג לעבען (צו המן'ען) זאג נאר מיר יעצט מיין טייערער ראטה געבער, איך ליעג מיר דא אזוי און טראכט וואס פאר איין כבוד איך קען אנטאהן דעם מענשען וואס ער האט בייא מיר פערדיענט איך זאל איהם מאכען נאך גרעסער וויא גרוים ?
המן (פאר זיך) נאך גרעסער וויא גרויס, וויל ער מיר מאכען, וואס קלערט מען עפעס אוים ?
קעניג (אפארט) ער מיינט געווים אויף זיך אליין אנו לאמיך זעהן וואס ער קען זיך אנמעסטען און ווינשען. (צו המן'ען) נא וואס טראכסט דוא אזוי לאנג ?
המן דער מענש וואס האט פערדיענט אזא כבוד וואס דער מלך וויל איהם בע־לאהנען מיט זיין חסד איז געווים.
קעניג נא יא נא איז געווים....
המן מען זאל איהם אנטאהן, דעם קעניגס מאנטעל וואס מען האט איהם גע־פיהרט צו דער קרענונג.
קעניג אפארט) וויעדער צו דער קרענונג ! יא דאס מיינט דער פסוק, נישט דער־לעבען זאלסטו עס (צו המן'ען) נא זאג ווייטער אפשר דיא מלכה אויך ?
המן (בעמערקט זיין כעס) און איינער פון די גרעסטע פירסטען פון פרס און מדי זאל נע־מען דעם מאנטעל און דאס פערד וואס דער קעניג האט אויף איהם געריטען און

דעם מענשען וואס דער מלך וויל איהם אזא כבוד אנטאהן,זאל מען ארום פיהרען
אין אלע גאסען פון שושן און שרייען: ככה יעשה לאיש אשר המלך חפץ ביקרו:

ק ע נ י ג (אפארט) אה דוא קאנאליע ! וויא שנעל ער פערשטעהט זיין פעהלער,
און זוכט איהם באלד צו פאר ריכטען, (צו המן'ען) נא המן, וואס פאר
גרעסערע פירסטען איז נאך בייא מיר דא וויא דוא, דארום זייא דיך מטריח
און נעהם אלעס וואס דוא האסט דא געזאגט, און טהו אן דעם כבוד
מרדכי'ן.

ה מ ן וואס פאר א מרדכי?

ק ע נ י ג דעם מרדכי'ן וואס ער זיצט שטענדיג ביים טויער.

ה מ ן גרויסער קעניג א סך טויערן זיינען דא אין פאלאסט.

ק ע נ י ג וואס ער זיצט בייא דעם טויער וועלכער ער פיהרט פון דער קעניגס
פאלאסט ביז אין מיין הויף אריין.

ה מ ן גרויסער קעניג, איך וועל דעם מרדכי'ן אב וועגען צעהן טויזענד צענטער
גאלד, אבי איך זאל איהם דעם כבוד ניט אנטאהן.

ק ע נ י ג דיא צעהן טויזענד צענטער גאלד וועסטו איהם אויך געבען און דעם
כבוד מוזט דוא איהם אנטהאן.

ה מ ן גרויסער קעניג, איך וועל הייסען אז מיינע אלע קינדער זאלען לויפען פאר־
אויס פאר זיין פערד און איהם דיא גרעסטע עהרע אנטהאן אבי איך אליין
זאל איהם דעם כבוד נישט אנטהאן.

ק ע נ י ג דיינע קינדער, — דיין פרוי — דיין גאנצעס הויז געזינד וועט סיי וויא
מוזען געהערען צו איהם און דוא אליין מוסט איהם דעם כבוד אנטאהן.

ה מ ן גנעדינער קעניג, איך האב דאך שוין צושיקט איבעראל בריעף אז מען זאל
אלע יודען אויס הרג'ענען צום סוף הייסטו מיר איהם אזא כבוד אנטאהן ?

ק ע נ י ג דוא האסט געהייסען הרג'ענען און איך וועל עס צוריק רופען דערווייל
געה און טוה אזוי וויא דוא אליין האסט געזאגט. נאר זעה עס זאל קיין
שום זאך ניט פעהלען.

ה מ ן גרויסער קעניג !

ק ע נ י ג קיין ווארט מעהר, געה !

ה מ ן אה הימעל ! (המן אב) .

## פערוואנדלונג

(שטעלט פאר איין גאס אין שושן פון ביידע זייטען באלקאנען אין מיטען דער ביהנע
איין טויער אויף דעם טויער א באלקאן דארט שטעהט אכתר מיט דיא האפדאמען אויף דיא



זייטיגע באלקאנען שטעהט דאס פאלק דורך דיא פענסטער זעהט מען געזיכטער פון פער־
שיעדענע מענשען מוזיק שפּעלט א מארש המן פיהרט אריין מרדכי'ן אויף איין פערפוצטען
פערד אלע קינדער געהן פאראויס און שרייען .

ככה — יעשה — לאיש — אשר — המלך — חפץ — ביקרו —

(בענגאלישעס פייער)

פארהאנג פאלט.

ענדע פון פיערטען אקט.

—————————

# פינפטער אקט.

(בייא אסתר'ן אין זאאל דער קעניג זיצט, איין לעהרע שטול שטעהט פאר המן'ען, האפלייטע שטעהן ארום און זינגען, דאס ערשטע קאהר מיט סאפיר און פורפור (פון ער־שטען אקט).

ק ע נ י ג אלעס מיין טייערע אסתר'ל, האסטו געמאכט נאך מיין ווונש נאך
נאר וואס ? הא.

א ס ת ר רייד נאר מיין טייערער מאן אלעס וואס עס איז דיר עפּעס קשה וועט
דיר יעצט אלעס דייטליך ערקלערט און פערענטפערט ווערען, דיין טייערע
אסהר האט ניט און וועט ניט האבען קיינע געהיימניסע הינטער דיר מיין
הערץ שטעהט שטענדיג פאר דיר אפען.

ק ע נ י ג נא יא נא דאס האב איך דאך געזאגט איך גלויב דיר מיין טייערע
אסתר'ל און דאס וואס עס איז ניט געעפענט וועסטו פאר מיר עפענען נאר
דאס איינע געהיים טהירעל, וואלט איך געוואלט אז דוא זאלסט פאר מיר
עפענען, פאר וואס רופסטו אלץ המן'ען אהער צו דער סעודה, האסטו
איהם היינט אויך געלאדען ?

א ס ת ר ניין,— הייטע בעט איך דיך דוא זאלסט איהם בעפעהלען ער זאל אהער
קומען דען נאר דא פאר דיר און פאר מיר אין דיא אויגען וועל איך איהם
קענען אראפּרייסען דיא פאלשע מאסקע פון זיין. פערזישען געזיכט און דיר
בעווייזען וויא פאלש און וויא ניעדעריג ער האנדעלט געגען דיין גוטען
כאראקטער, און פאר וואס, פאר איין ביליגער מינצע פערקויפט ער דיין צו־
טרויען, דארום בעט איך דיר דוא זאלסט גלייך א בעפעהל געבען,
איהם אוינענבליקליך אהער ברייגגען, און זיינע קינדער דער ווייל פערהאפ־

טען אום זייא זאָלען נישט קענען אינטריגירען נעגען דיר אין לאנד און פער-
טיג מאכען דעם בונד.

**קעניג** נאָ יא נאָ דאס האב איך דאך געזאגט (גיט א פאטש) לאז מען שנעל
ברייננען אהער המן'ען. און דיא קינדער זיינע דערווייל צו פערהאפטען נאר
שנעל (איינער אב) איך זעה עפּס זייט א גאנץ לאנגער צייט לאזט עס מיך
ניט שלאפען איך האב ניט געקענט רוהען נאָ יאָ נאָ — וואס הא?

**אסתר** יעצט מעגסטו גאנץ רוהיג זיין זא לאנג איך וועל דיין פרוי זיין וועט דיר
קיינער קיין שלעכטעס טאהן דוא וועסט ארויסזעהען מיין ליעבער מאן אז
גאט האט מיך דיר צוגעשיקט נישט נאר פאר איין פרוי נאר פאר איין גע-
טרייען ענגעל געבען דיר צו זיין און דיך היטען.

(המן קומט אן)

**קעניג** (צו המן'ען) קום צו נעהענטער זעטץ דיך טרינק נא דערצעהל אסתריכ.

**אסתר** (זינגט) יאָ יאָ יאָ גרויסער גוטער מלך
נישט גרויס איז מיין בקשה
וואס איך בעט בייא דיר
יא יאָ יאָ יעצט פאר דיר ערצעהל איך דיר.
וואס דוא האסט געפאָדערט שוין פון לאנג בייא מיר.

**קאהר** יאָ דערצעהל און זאג ארויס (צווייא מאל)

**אסתר** מיין אומה יאָ דיא אומה וואס איך שטאם אָרויס.

**קאהר** יאָ דערצעהל און זאג ארויס (צווייא מאל)

**אסתר** מיין אומה יאָ דיא אומה וואס איך שטאם ארויס
אויב איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען (צווייא מאל)
מיין בענעהר איז נאר איינס
מיין לעבען שיינק יעצט מיר
שענק דאס לעבען מיין פאלק
בעט איך יעצט בייא דיר (דרייא מאל)
מיר זיינען פערקויפט געווארען
דווקא נאר אהן געלד
אונזער לעבען איז פערלארען
מיר געהן פון דער וועלט
וואלט מען אונז פערקויפט צו דיענען
פאר דינסטען און פאר קנעכט



וואלסטו אויך געקענט פערדינען
און דער שונא וואלט געהאט רעכט
מיר זיינען פערקויפט.... (ביז דער וועלט)

**קעניג** { ווער איז דער שונא רוף איהם אן
וואס האט געוואנט אזוינס צו טאהן }

**אסתר** יאָ, ווייסטו ווער דאס איז הא הא הא (צווייא מאל)
דאס איז דער רשע יא המן. (צווייא מאל)

**קאהר** דאס איז דער רשע המן (דרייא מאל) המן הרע — פּיס

(קעניג מיט אלע אב, אסתר און המן בלייבען).

**המן** גנעדיגע קעניגין, איך האב קיין רעכט ניט צו פרעגען, ווארום עס קומט
מיר איינענטליך אזא בעליידיגונג, און פאר וואס גראדע דיא קעניגין זאל זיין
מיין געגנערין, איך ווייס אז איך שעטץ דיך וויא נאר א מענש קען שעטצען
אזא עדעלע פרוי וויא איהר זייט, נאר פיעלייכט בין איך בעגאנגען איין אונ-
רעכט זאג איך אייך צו, אז איך וועל מיך בעסערן.

**אסתר** עמלק, קען קיין מאל נישט בעסער זיין נעגען אונז.

**המן** (אפּארט) יאָ יעצט פערשטעה איך שוין אלעס — אין מיין שולד יעצט
בלייבט מיר ניט מעהר איבעריג נאר צו קניען פאר דיר און דיר בעטען, אז
דוא דאס אייניקעל זאלסט זיין אזוי גרויס מוטהיג וויא דיין עלטער זיידע
שאול המלך, וואס ער האט געלאָזט לעבען מיין עלטער זיידען אגג.

**אסתר** דערפאר אבער האט ער פערלארען זיין מלוכה ביי גאט און זיין ווערטה
ביים פאלק, דען ווען ער וואלט איהם דאמאָלס דאס לעבען ניט געשענקט
וואלט יעצט אזא המן אויף דער וועלט ניט געווען.

**המן** קעניגין, איך בעשווער דיך בייא אלעם הייליגען בייא דיין גאָט און בייא
דיין מרדכי שענק מיר יעצט מיין לעבען, איך וועל זעהן אללעס פעררירכטען.
דוא שווייגסט? אה קעניגין ערבארמע דיך (פאלט צו דיא פיס)

**קעניג,** (קומט אריין גיט זיך א שלעפּ ביים קראגען) אָה דוא ניעדערטרעכטיגער וויא
אזוי ערלויבסטו דיר דאס?

**המן** (ערשראקען) אָה פערלאָרען....

**ויזתא** אה טאטאָתיאָ טאטאָתיא עס איז שוין פערטיג דיא גרויסע תליה קום
מיר וועלען אויפהענגען מרדכי'ן (המן ווינקט צום זאהן ער זאל שווייגען)

**קעניג** וועלכען מרדכי'ן?

**שאלתיאל** צו אייערע פיסע גראס׳ר קעניג פון פרס און מדי דאס מיינט מען דעם מרדכי׳ן וועלכער האט גערעטעט דעם קעניגס לעבען.

**קעניג** דעם מרדכי? ניך נעהמט המן׳ען און הענגט איהם אויף אויף דער זעל־בער תליה וואס ער האט געוואלט מרדכי׳ אויפהענגנען (מען נעהמט איהם)

**המן** אה קעניג, ערבארם דיך!

**קעניג** אוועק מיט איהם, נעהמט איהם.

**ויזתא** נעהמט איהם — נעהמט איהם —

**קעניג** קיין זכר זאל ניט בלייבען פון עמלק (אויף ויזתא׳ן) נעהמט איהם:

**ויזתא** נעהמט איהם — נא נעהמט איהם (מען שלעפט ויזתא׳ן) וואס איהר מיינט טאקי מיך אויך? אין אמת׳ן וואס טהוט זיך דא מיט אייך?

**אסתר** פון קיין שלאנג קען קיין מאל קיין שעפעלע געבארען ווערען, נעהמט איהם, (מען שלעפט איהם)

**ויזתא** ווארט נאר אוים — אדוני קעניג, מיר דארפט איהר שוין נאר נישט? וואס האט זיך מיר געלוינט צו זיין א זאהן בייא המן׳ען? ניין, מעהר וועל איך שוין דאס נאררישקייט נישט טהאן איך וועל זיך בעסער שטעלען בייא דיר פאר א זאהן, איהר קענט דען זיין אהן א ויזתא?

**קעניג** דער קליינער געפעלט מיר, נאר אויף דער תליה נעהמט איהם.

**ויזתא** אדוני קעניג איך וועל אייך חאטש בעטען איין בעטעניש אז איהר וועט דאס פערשרייבען אין דער געשיכטע זאלט איהר פערשרייבען מיין נא־מען מיט א גרויסען וואו.

**קעניג** נעהמט איהם......(מען שלעפט איהם ארויס)

**ויזתא** ווינט וויבעלעך מיידלאך איהר וועט ניט געפינען אזא ויזתא וויא איך בין (אב)

**אסתר** איך דאנק דיר גוטער קעניג יעצט זעהסטו שוין ארויס ווער עס איז דיר געטרייא. נאך איינע ביטע האב איך צו דיר, אז דוא זאלסט זעהן צוריק־רופען דעם שלעכטען גזר פון המן הרשע, ווארום וויא אזוי וועל איך דאס קענען צוזעהן אז מיין פאלק, מיינע גלויבענס ברידער זאלען אויסגעהרג׳עט ווערען, עס וועט אויף מיר א שלעכטע ווירקונג האבען.

**קעניג** נא יא נא, דאס האב איך דאך געזאגט.

**אסתר** און דער מענש וועלכער האט דיר דאס לעבען גערעטעט, געהער זיך אויך מיט מיר נאר נאהענט אן, ער איז מיינער א פעטער, נאך מיינע עלטערן׳ס טויט האט ער פערטראטען דיא שטעלע אלס מיין פאטער.



**קעניג** נא יא נא, דאס האב איך דאך געזאגט, נישט איינמאל האב איך דיך געפרעגט דוא זאלסט מיר זאגען ווער דיין פאלק איז און פון וואס פאר איין פאמיליע דוא ביזט, איך האב זיי געוואלט גליקליך מאכען און דוא האסט מיר אלץ געאנטווארטעט מיט דיין שעהן קול׳כען, איך וויים ניט ניין.... נא וואו איז דער מרדכי?

**אסתר** (רופט איהם אריין) אט איז ער.

**מרדכי** (אויף דיא קניע) איך דאנק דיר גרויסער קעניג פון פרס און מדי.

**קעניג** נא אט האסטו דעם רינג, שרייב און חתמ׳ע וויא דוא ווילסט און פון יעצט אן ביזטו ביי מיר משנה למלך. און ניט נאר מיט המן׳ס הויז־געזינד אליין נאר מיט אלע אייערע שונאים וועלכע האבען אייך נאר געוואלט שלעכטס טהאן מעגט איהר טהאן וואס איהר ווילט.

**מרדכי** מיר דאנקען דיר גרויסער קעניג.

**קעניג** יעצט מיין טהייערע, וועל איך מיך געהן אויסרוהען נאך אזא שווערער לאנגער צייט, און פון יעצט אן מיין טהייערע אסתר׳ל ווערסטו צו מיר קומען ווען דוא ווילסט גאר אום געבעטען. נא בלייב געזונד אדיע. (אב)

**אסתר** פאטער, ליעבער פאטער!

**מרדכי** אסתר, מהייערע אסתר׳ל, וויין נישט מיין קינד.

**אסתר** גוט איז אז מען לעבט און מען קען וויינען. דוא וויינסט אויך פאטער?

**מרדכי** לאמיר אבווישען דיא ביטערע טרערען פון אזוי פיעל אונגליקליכע ברידער. שאלתיאל — שאלתיאל — (אויפטריט שאלתיאל) ניך שרייב אן בריעף און איך וועל חתמע׳נען מיט דעם מלך׳ס רינג, און צוריק רופען דיא שלעכטע גזרה פון המן הרשע, און אלע אונזערע ברידער זאלען פרעהליך זיין און זיך מאכען יום טוב אים נאמען פון אסתר׳ן. מען זאל זיך אנטאהן אין אנדערע קליידער און טהיילען מתנות ארעמע לייט. געה שנעל.

**שאלתיאל** איך געה! (אב)

**מרדכי** יעצט זעה איך אז מיינע האפנונגען האבען מיך נישט אבגענארט, דיא גוטע ערציהונג וואס איך האב איינגעפלאנצט אין דיין קינדערש הערץ האט יעצט דאנקבארע פריכטע געטראגען, דען איין טראפען טרערען וואס פאלט ארויס פון א קעניגינס אויג, בעציערט זיא און בעשיינט זיא פיעל מעהר וויא אלע טהייערע דימאנטען. יעצט זעה, ווער עס בעשטרעבט זיך לטובת הכלל, און ווער עס אינטערעסירט זיך פאר דעם כלל ישראל פון

דעם גאנצען הערצען דעם העלפט גאָט. יעצט מעגען מיר שוין זיין צופריע־
דען, מיר זיינען גליקליך איבער גליקליך!

אסתר (זינגט) יא פאַרצושטעלען דיר פון דער צייט
וואס איך האב דיך ניט געזעהן
איז שוין פערגאנגען יעצט ביי מיר.

מרדכי איך שטעל מיך פאַר אין דער צייט
וואס עס איז געוועזן מיט דיר.

ביידע געוואהנט צוזאַמען פון קינדהייט אָן ווער האט דאס געגלויבט
אז מיר זאלען זיך ביידע צושיידען.
מיר האבען שוין געוויס ניט געטראַכט
אז מיר זאלען ביידע לעבען אין פריידען.

אסתר יא, אבער דאס מזל האט אנדערש גאר געוואָלט.

ביידע פלוצלינג אין מיטען העלען טאָג
האט זיך א וואָלקען אנגערוקט
און האט אויף אונז דעם בייזען פלאג
דעם פיינד אויף אונז אנגעשיקט.
און אונזער אומה דיא פיינע דיא פרומע
מיט זיין שארפער שווערד געוואָלט אָבמעקען פון דער ערד.

אסתר אבער נישט גאנץ לאנג האט געדויערט דער צאָרן פון גאָט
ער האט אויף זיינע גזרות חרטה געהאט
און האט אונז באַלד געשווינד דיא רפואה געשיקט
און מיר לעבען און מיר זיינען בעגליקט.

ביידע יא פאר אונזער מיה און שטרעבען
האט אונז גאט געגעבען גליק צו אונזער לעבען
ווער האט דאס געקענט גאר גלויבען אונז ביידע אויפצוהויבען
ביז אין דער קרוין
לאָמיר לויבען און גאט דאנקען (פיער מאל)
דאנקען איהם דערפאַר יא.

ביידע (ווידערהאָלען: אבער נישט גאנץ לאנג א. ז. וו. ביז גאָט דאַנקען)
יא צו דאנקען איהם צו דאנקע און צו לויבען איהם צו דאנקען
אויף עווינ יא אויף עווינ.... אמן! (פאָרהאַנג פאַלט.)

ענדע.

דעם גאנצען הערצען דעם העלפט גאָט. יעצט מענען מיר שוין זיין צופריע־
דען, מיר זיינען גליקליך איבער גליקליך!

אסתר (זינגט) יא פאַרצושטעלען דיר פון דער צייט
וואס איך האב דיך ניט געזעהן
איז שוין פערגאנגען יעצט ביי מיר.

מרדכי איך שטעל מיך פאָר אין דער צייט
וואס עס איז געוועזן מיט דיר.

ביידע געוואהגט צחאמען פון קינדהייט אָן ווער האט דאס געגלויבט
אז מיר זאלען זיך ביידע צושיידען.
מיר האבען שוין געוויס ניט געטראַכט
אז מיר זאלען ביידע לעבען אין פריידען.

אסתר יא, אבער דאס מזל האט אנדערש גאר געוואָלט.

ביידע פלוצלינג אין מיטען העלען טאָג
האט זיך א וואָלקען אנגערוקט
און האט אויף אונז דעם בייזען פלאג
דעם פיינד אויף אונז אנ:עשיקט.
און אונזער אומה דיא פיינע דיא פרומע
מיט זיין שארפער שו:ערד געוואָלט אָבמעקען פון דער ערד.

אסתר אבער נישט גאנץ לאנג האט געדויערט דער צאָרן פון גאָט
ער האט אויף זיינע גזרות חרטה געהאט
און האט אונז באַ:ר געשווינד דיא רפואה געשיקט
און מיר לעבען און מיר זיינען בעגליקט.

ביידע יא פאר אונזער־מיה און שטרעבען
האט אונז גאט געגעבען גליק צו אונזער לעבען
ווער האט דאס געקענט גאר גלויבען אונז ביידע אויפצוהויבען
ביז אין דער קרוין
לאָמיר לויבען און גאט דאנ:ען (פייער מאל)
דאנקען איהם דערפאר יא

ביידע (ווידערהאָ:ען: אבע־ נישט גאנץ לאנג א. ז. וו. ביז גאָט דאַנקען)
יא צו דאנקען איהם צו דאנקע און צו לויבען איהם צו דאנקען
אויף עווינ יא אויף עווינ... אמן! (פאָרהאַנג פאלט.)

ענדע.